


נאָיאבר-דעקאבר

אויסגאַבע „שטערן“
מינסק — 1928

# שרייבט אויס און פאַרשפּרייט

## צווישן אייערע באַקאַנטע דעם גרויסן, ערנסטן ליטעראַריש-קינסטלערישן און פּאָליטיש-וויסנשאַפֿטלעכן כוידעש-זשורנאַל

פֿון דעם נומער הויבט אָן דער „שטערן“ אַרויסצוגיין רעגולער און וועט זיין באַ די אבאָנענטן ניט שפּעטער פֿון **15**-טן פֿון יעדן כוידעש.

**דער זשורנאַל „שטערן“** גיט אָפּ א גרויסן ארט פאר פראגן פֿון מארקסיזם און לעניניזם, פון סאוועטישער בויונג און פראפּבאַוועגונג.

**דער זשורנאַל „שטערן“** גיט אָפּ א געהעריקן ארט פֿאַר דער געשיכטע פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. עס ווערן געבראַכט די אינטערעסאַנטע, נאָך ניט פֿאַרעפנטלעכטע דאָקומענטן פון דער צאַרישער געהיימפּאָליציי. אין דער אָפּטיילונג נעמען אַנטייל די וועטעראַנען פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

**דער זשורנאַל „שטערן“** גיט די בעסטע קינסטלערישע ליטעראטור סאַי אָריגינעלע און סאַי איבערגעזעצטע.

**דער זשורנאַל „שטערן“** האָט זייער א רייכע אָפּטיילונג פֿאַר פראַגן פֿון קונסט, ליטעראַטור און טעאַטער.

**דער זשורנאַל „שטערן“** גיט די רייכסטע פּובליציסטיק, די פּאָפּולערסטע וויסנשאַפֿטלעכע אַרטיקלען, קריטישע אָפּהאַנדלונגען איבער פֿאַרשיידענע ווערק פֿון דער יידישער און ניט־יידישער ליטעראַטור.

**דער זשורנאַל „שטערן“** איז דער ביליקסטער זשורנאַל אין גאַנצן פֿאַרבאַנד. ער האַלט צען דרוקבויגן און קאָסט אין איינצל-פֿאַרקויף נאָר 60 קאָפּ.

## אַבאָנאָמענט-פּרייז:

פֿאַר א יאָר (12 נומערן) 6 רובל.
פֿאַר אַ האַלב יאָר — 3 „
דריי כאַדאָשים — 1 רובל 75 קאָפּ.

איינצל-פֿאַרקויף
**60 קאָפּ.**

## די גרויסע טעגלעכע צייטונג „אָקטיאַבר“ מיט דעם זשורנאַל „שטערן“ 1 ר. א כוידעש.

אַדרעס: Минск, Ленинская, 22 для „Штерн“

פראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער, פֿאַראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראַריש-קינסטלערישער און פּאָליטיש-וויסנשאַפֿטלעכער זשורנאַל.

מינסק, יאַנוואַר-פֿעוורואַל 1928. פֿינפֿטער יאָרגאַנג № 1-2



א. קושניראָוו.

## הירש לעקערט.

### צווייטער אַקט, ערשטע סצענע.

(פֿאָן-וואַלס קאַבינעט. פֿאָן-וואַל פֿאַרטיפֿט אין פּאַפּירן. קלייבט לאַנגזאַם איבער. טשעקין וואַרט).

פּאָן-וואַל.

נו, זאָל אַריינגיין דער זשידאָווסקי ראַבין.

טשעקין.

כ'הער, אייער עקסעלענץ.

פֿאָן-וואַל.

(אויפֿגעריסן אַ פּאַקעט כאַפּט זיך אויף און אויפֿגעבראַכטער)

פֿאַרשאָלטענע זשידאָווסקי שטאַט
די שטרענגסטע מיטלען שרעקן זיי ניט אָפּ,
ניט איינצונעמען זיי מיט קיינע ווערטער,
כאַטש רוף דעם ראַבין זייערן צו הילף.

(טשעקין באַ דער טיר לאָזט דורך דעם ראַוו. פֿאָן-וואַל הייבט זיך אויף צאַרטליק קעגן אים).

פּאָן-וואַל.

איך האָב גערופֿן אייך אַהער, קעדיי
מיין גרויסע אומצופֿרידנהייט אייך מעלדן...
צי שפּירט איר נאָך גענוג נאָך אייער יוגנט,
צי ווייסט איר, וועלכע פּלענער זי פֿאַרטראַכט?

ראָוו.

אַ וועלכער מענטש און וועלכער ייִד באַזונדערס
אַף גוטע קינדער בעט ניט יעדן טאָג,
נאָר ווער קאָן נאָכשפּירן נאָך די מאַכשאָוועס
אַפֿילע באַ זיין אייגן קינד אין האַרץ?

פֿאָן-וואַל.

איר האַלט ניט איין גענוג די יונגע ייִדן,
איר גיט אַף זיי ניט אַכטונג, ווי געהעריק,
איצט גרייטן זיך די ייִדן אייערע
אַרויסצוטרעטן אָפֿן קעגן קייסער.
איך דאַרף אייך וואָרענען און איר פֿון זיך
דאַרפֿט וואָרענען און אָנזאָגן די ייִדן:
די שולדיקע דערוואַרט אַ שטרענגע שטראָף
און זייער שולד וועט זיין, אויב ס'וועט דער צאָרן
זיך אויסלאָזן אייער גאַנצן קאָהאָל.

ראָוו.

אין יעדער סטאַדע, אייער עקסעלענץ,
זיינען פֿאַראַן פֿאַרשיידענערליי שאָף.
די ייִדן, וועלכע זיינען גרייט מיך פֿאָלגן,
זיי זיינען גרייט נאָך גיכער פֿאָלגן אייך.
זיי זיינען טריי דעם אויבערשן אין הימל,
זיי זיינען טריי דעם קייסער אַף דער ערד.
נאָר קאָן מען דען באַשולדיקן אַ קאָהאָל
פֿאַר יענע ייִדן, וועלכע פֿאָלגן ניט?...

פֿאָן-וואַל.

עס איז דער גאַנצער וועלט באַוווסט, ווי שטאַרק
די ייִדן זיינען צווישן זיך פֿאַרבונדן,
און אויסער דעם האָט יעדערער פֿון זיי
אַ טאַטן און אַ מאַמען, שוועסטער, ברידער.
די עלטערן זיינען מעכויעוו ווירקן
און אָפּהאַלטן די ייִנגערע פֿון שלעכטס.

ראָוו.

געוויס האָט יעדערער פֿון זיי אַ טאַטן
און אויך א מאַמע... און ווער עס האָט אַ ווייב...
אַף די געפּאַשעס טוט שטאַרק ווי דאָס האַרץ,
זיי ליידן נעבעך ניט פֿאַר זייער שולד.
וואָס גייט הען אָפּ אַזעלכע העפֿקער יונגען
וואָס האָבן אויסגעטאָן זיך פֿון קלאַל...
פֿאַר גאָט קיין מוירע האָבן זיי דאָך ניט,
פֿאַר לייטן איז ניטאָ קיין דערעכערעץ...
זיי טוען אָפּ זיך רויִק זייער זאַך
און ווילן קיינעמס טאַכלעס ניט באַזאָרגן

ווייל סכאַקל איז די שטראָף זיי ניט קיין שטראָף:
איר וועט זיי אַרעסטירן—אַרט זיי ניט;
איר וועט פֿאַרשיקן זיי—איז זיי ניט שלעכט;
זיי ווערן דעמאָלט פֿריי פֿון יעדער זאָרג
און וואַרפֿן גאָר אַראָפּ שוין אלע אָלן.

(פֿאָן-וואַל מיט נייגעריקייט הערט זיך איין).

פֿ אָ ן־וו אַ ל.

איך הער אייך זייער גערן, רעט!

ר אָ ו.

(דרייסטער).

אַזעלכע דאַרף מען אָנלערנען גאָר אַנדערש:
געכאַפּט אַזאַ מין אויסוואורף, אַ יונגאַטש
און אָפּגעשמיסן... ער זאָל לאַנג געדענקען.

פֿ אָ ן־וו אַ ל.

און דאָס וועט העלפֿן?

ר אָ ו.

אַי וואָלט דאָס געהאָלפֿן!
ווייל אַז מע שמייסט אין הינטן, קריכט אין קאָפּ...
ס'וואָלט יעדער פֿון זיי פֿאַרזאָגט אַ צענטן.
און יעדער טאַטע וואָלט געזאָגט אַ דאַנק
און מאַמעס וואָלטן זיי פֿאַרשפּאָרט באַווייגען.

(טשעקין קומט אריין).

ט ש ע ק י ן.

פּאָלקאָווניק באַגאַליי...

פֿ אָ ן-וו אַ ל.

פֿאַרבעט אַהער.

(צום ראָוו).

איך האָב אייך גערן, גערן אויסגעהערט.

(ראָוו לאַנגזאַם אָפּ. עס קומט אריין באַגאַליי).

בּ א ג א ל יי.

דערלויבט צו מעלדן, אייער עקסעלענץ,
פֿאַראַן ידיעות פֿון א פּעסטן קוואַל:
די אַרבעטער... זיי האָבן אָפֿן ערשטן מאַי
באַשטימט אַרויסצוטרעטן אין די גאַסן...

פֿ א ן־וו א ל.

פֿאַרווערן! ניט דערלאָזן! האַלטן גרייט
קאַזאַקן, פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע!

בּ א ג א ל יי.

פֿאַראַן ידיעות, אייער עקסעלענץ,
זיי האָבן אָפּגעהאַלטן אַ פֿאַרזאַמלונג
דעם לעצטן שאַבעס אין זאַרעטשיער וואַלד.

פֿ אַ ן־וו א ל.

ווער האָט דערלאָזט דידאָזיקע פֿאַרזאַמלונג?

בּ א ג א ל יי.

איך האָב באַצייטנס, אייער עקסעלענץ,
דער פּאָליציי דערפֿון געלאָזט צו וויסן.

פֿ א ן-וו א ל.

און זי איז באַלד געקומען אָפֿן אָרט?

בּ א ג א ל יי.

צו שפּעט, ווען אַלץ איז שוין געווען פֿאַרענדיקט.

פֿ א ן־וו א ל.

צו שפּעט! וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פּאָליציי,
וואָס זי פֿאַרשפּעטיקט אומעטום און שטענדיק

בּ א ג א ל יי.

אַף דער פֿאַרזאַמלונג, אייער עקסעלענץ,
איז אָנגענומען אַ באַשלוס:
אַרויסטרעטן צום ערשטן מאַי
מיט רויטע פֿאָנען איבער אַלע גאַסן...
אַ מאַן דרייהונדערט זיינען דאָרט געווען.

פֿ א ן־וו א ל.

אַלץ זשידעס?

ב א ג א ל יי.

יאָ, מער יידן, אַרבעטער.

פֿ א ן־וו א ל.

און דורכגעלאָזט און קיינעם ניט פֿאַרהאַלטן!

(אופֿגעבראַכט)

דעם פּאָליצמייסטער די מינוט אַהער!

(טשעקין וואַרפֿט זיך צו דער טיר)

ט ש ע ק י ן.

זיי וואַרטן שוין דאָרט, אייער עקסעלענץ!

(צועפֿנט די טיר. עס קומט אריין נאַזימאָוו)

פֿ א ן־וו א ל.

אַן אומדערהערטע זאַך, הער פּאָליצמייסטער!
עס קומען פֿאָר פֿאַרזאַמלונגען פֿאַרווערטע
אונטער דער נאָז בײַ אייער פּאָליציי...
איר הערט ניט און איר זעט ניט, איר פֿאַרשפּעטיקט...

נ א ז י מ א ו ו.

אַנטשולדיקט, אייער עקסעלענץ...

פֿ אָ ן ־ וו אַ ל.

ניין, שווייגט!
פּאָלקאָווניק רעט! אַ וועלכע נאָך ידיעות,
ווער זיינען זיי די אונטערהעצער דאָ,
ווער וויל דאָס שטאַרק אַזוי אַ דעמאָנסטראַציע?

בּ אָ ג אָ ל יי.

מיט יעדן טאָג אַלץ מער פֿאַרדעכטיק ווערן
די אַרבעטער... די יידישע באַזונדערס...

ס'האָט ווידער אויפגעלעבט דאָ זייער „בונד“;
זיין האַנט איז אומעטום און שטענדיק גרייט
זיך אונטערלייגן מיט אַ שוועבעלע
צו אַלץ, וואָס קאָן זיך אָנצינדן און ברענען.
ווו ערגעץ אַ פאַבריק צי אַ וואַרשטאַט,
פאַרשפּרייט דער „בונד“ זיינע פּראָקלאַמאַציעס,
נאָר וואָס וואַרשטאַטן, אייער עקסעלענץ,
די גאַס אַפילע ווערט שוין אויך פאַרפּלייצט
מיט זייערע פאַרוואָרטע פּראָקלאַמאַציעס.

פ אָ ן-וו אַ ל.

ניט נאָר די גאַס. אַ שאַנד אַזאַ פּאָלקאָווניק!
אין פּאָסט-קעסטל, וואָס הענגט דאָ אַף מיין טיר,
געפינט מען אויך... אָט זעט... אָט זעט...
און קיינעם נאָך ביז איצטער ניט געכאַפּט,
און קיינעם ניט פאַרהאַלטן, פּאָליצמייסטער!
וואָס זיינען זיי מאַלאָכים—אָדער שיידים
וואָס איז דאָס פאַר אַ פּאָליציי בײַ אייך...

נ א ז י מ א וו.

אַנטשולדיקט, אייער עקסעלענץ!

פ אָ ן-וו אַ ל.

ניין, שווייגט!
מיט אונטערהעצער איז פאַרפולט די שטאָט,
וואָס טוען פריי און אָפן זייער אַרבעט,
זיי דרוקן און פאַרשפּרייטן פּראָקלאַמאַציעס,
פאַרזאַמלען זיך אין מיטן העלן טאָג
און גרייטן צו קראַמאָלנע דעמאָנסטראַציעס,
זיי מוזן זיין באַוווּסט דער גאַנצער שטאָט
און קליינע קינדער דאַרפן אויך זיי קאָנען
עס ווייסט נאָר ניט פון זיי... די פּאָליציי.

נ א ז י מ אָ וו.

אַנטשולדיקט, אייער עקסעלענץ, מיר האָבן,
צו שפּעט באַקומען פון זשאַנדאַרמען-טייל
די אָנווייזונגען וועגן דער פאַרזאַמלונג.

פ אָ ן-וו אַ ל.

צו שפּעט! צו שפּעטן איר ביידע זאָגט צו שפּעט!
איז ווער פון אייך האָט סאָפּקאָלסאָף פאַרשפּעטיקט?!
איר זייט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אייער פּאָליציי...
און אייך איז אָנגעטרויט די זשאַנדאַרמעריע.
די זשאַנדאַרמעריע און די פּאָליציי—
זיי זיינען דאָך צוויי זיילן פון איין בנין,
זיי דאַרפן זיין צוויי קלעמלעך פון איין צוואַנג;
איין האַנט, איין ווילן האַלט די ביידע קלעמלעך,
און ביידע דאַרפן קוועטשן מיט איין קראַפט;
עס טאָר ניט ווערן אָפּגעשוואַכט איין קלעמל,
ווייל דעמלט איז די צוואַנג שוין ניט קיין צוואַנג.
צי דער, צי דער, נאָר איינער האָט פאַרשפּעטיקט,
נאָר איינער האָט ניט אויסגעפילט זיין פליכט
און אָפּגעשוואַכט דעם דרוק פון ביידע קלעמלעך...
איצט קאָנט איר ביידע גיין... ניין, ביידע וואַרט!
עס טאָר ניט פאָרקומען די דעמאָנסטראַציע...
דערשטיקן! אָפּהאַקן דעם מינדסטן פּרווו!
איז גייט און טייקעף נעמט אָן שטרענגע מיטלען
און גרייט זיך צו צו זייער ערשטן מאַי.

(מיד. קערעוועט זיך אָפּ. איינער נאָכן אנדערן גייען צו
דער טיר באגאַיי, נאזימאוו, טשעקין, דער לעצטער
פארהאלט זיך).

ט ש ע ק י ן.

נו, האָט ער זיי אריינגעטיילט אַביסל,
זיי וועלן ביידע דאָס געדענקען לאַנג...
אַ פאַכדן און אַ קאַריעריסט אַ מיעסער...
און דאָס זיינען די קלעמלעך פון דער צוואַנג...

## דריטער אַקט, ערשטע סצענע.

(קומט פאָר נאָך דער דעמאָנסטראַציע און נאָך דער עקזעקוציע. מאָטל עסרויג זיצט
באַ דער טיר פון זיין קראָם און פאָרקעט זיך באַ אַ שוסטערשן בענקעלע, צו וועלכן
ער קלאפּט צו א ווייך קישעלע).

ע ס ר ו י ג.

דעם דריטן טאָג, אז מיינע קומען ניט.

ש נ יי ד ע ר.

דיזעלבע אויסכאַפּעניש אויך אַף מיינע,
זיי הויבן זיך ניט אויף דעם דריטן טאָג.

ע ס ר ו י ג.

מע האָט זיי פיין געשמיסן...

ש נ יי ד ע ר.

אַלץ הייסט שמייסן!
געשניטן פּאַשעט שטיקער לייב פון זיי,
זיי קאָנען מיט קיין אייוועד ניט קיין ריר טאָן.

ע ס ר ו י ג.

זיי האָבן קאָשער דאָס פאַרדינט, אַ מיצווע,
דאָס האָט זיך גאָט צורעכנט אויך פאַר אונדז.
דאָס האָט זיי גאָט באַצאָלט פאַר אַלע שטרייקן.

ש נ יי ד ע ר.

דערווייל ביז עפּעס ליידן ווידער מיר...
דריי טעג, אַז קיינער קומט ניט צו דער אַרבעט,
ווער ווייסט, צי עמיצער וועט קומען היינט.

ע ס ר ו י ג.

מע וועט זיך אויסהונגערן, וועט מען קומען...
קיין גראָשן וועל איך זיי ניט געבן פאַר די טעג.
באַ מיר וועט מיין בוכהאַלטער אַלץ פאַרשרייבן
און אָפּרעכענען זיי פאַר יעדער שאָ,
פאַר יעדער רעגע...

(שרייט אריין אין קראָם)

זילבערשטיין!
וואָס אַרט אַייך, איר פֿאַרלאָזט זיך שוין אף מיר,
איך וועל זיי צוגרייטן אַ וויסטן באָרעך האַבע
(שרייט ווידער אין קראָם אריין).
ווי זייט איר ערגעץ דאָרטן זילבערשטיין!
(זילבערשטיין ווייזט זיך אפן שוועל)
אַ כעשבן, זילבערשטיין! אַ קלאָרן כעשבן!
ווי מענטשן שטעלן מיך בעדיל האַדאל.
(עס הייבן אָן אָנצוקומען ארבעטער, לעקערט צווישן זיי).

ש נ יי ד ע ר.
אָט גייען זיי די ברויטגעבער...

ע ס ר ו י ג.
זיי גייען,
איז וואַרט דאָ צו אַביסל, וועט איר זען
דעם באָרעך האבע, וואָס איך וועל זיי מאַכן.
(צו איינעם פון די ארבעטער).
נו, יאַנקעלע, ביזט דאַנקען גאָט געקומען,
כ'האָב צוגעגרייט אַ בענקעלע פֿאַר דיר
אָט נאַ! עס זאָל דיר וויכער זיין צום זיצן,
דער הינטן דיינער נעבעך טוט דיר ווייַ
(צו אַ צווייטן אַרבעטער).
ווילסט אויך? דיר טוט דען אויכעט ווייַ דער הינטן?
(די ארבעטער פֿארלארן שווייגן).

ש נ יי ד ע ר.
דאָס איז אַן איינפֿאַל, ווי איך בין אַ ייִד,
איך גיי און טראַכט באַלד עפּעס צו פֿאַר מיינע.

ל ע ק ע ר ט.
כאַוויירים, וואָס באטייט דאָס? ניין!
וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין? וואָס לאָזט איר שפּייען...

ש נ יי ד ע ר.
אַך, הירשעלע! ער איז שוין ווידער דאָ?
און ווו ביזטו געוועזן, ווען ס'האָט געדונערט?
דו האָסט באַקומען כאָטש דיין כיילעק שמיך?

ל ע ק ע ר ט.
אָט וועל איך אייך אַזאַ מין כיילעק געבן,
אַז ס'וועט אַ דונער באַלד אייך טרעפֿן אַפֿן אָרט.

ע ס ר ו י ג.
דו שייגעץ! שווייג! וואָס זאָגט איר נאָר אַף אים,
פֿונוואַנען האָט זיך דאָס צו אים גענומען לאָשן?
אַזוי באדארף מען פּיקן אים דעם צונג,
וועסט מיט אַ שטריק קיין וואָרט באַ אים ניט נעמען,
און דאָ האָט ער צועפֿנט גאָר אַ מויל
און פלוצלונג זיך צורעט, ווי בילעמס אייזל.

ש נ יי ד ע ר.
ווי קומט ער גאָר אַהער? מע האָט דאָך אים פֿאַרשיקט.

ע ס ר ו י ג.
וואָס פֿרעגט איר, וואָס? מיסטאם איז ער אַנטלאָפֿן...
און קומט צו מיר צוגיין, און רוימט מיר איין,
איך זאָל אים געבן אַרבעט... פֿאַר ראַכמאָנעס
האָב איך אים צוגענומען אַף אַ וואָך...
גיי טו אַ הונט אַ טויווע, בילט ער נאָך.

ל ע ק ע ר ט.
זיי טוען טויוועס אונדז... אַ קלאָג צו זיי.
אַליין גערופֿן, ווען ער האָט באַדאַרפֿט.

ע ס ר ו י ג.
פֿאַרמאַך דעם פּיסק, דו אזעס פּאָנים איינער,
נעמט גיט אים גלייך די טפֿילן, זילבערשטיין,
ניטאָ באַ מיר קיין אַרבעט פֿאַר אַזאַ פֿאַרשוין!

ז י ל ב ע ר ש ט יי ן.
וואָס טויג דיר איצט זיך קריגן אָן אַ ציל.

ל ע ק ע ר ט.
איך האָב אים מיט זיין אַרבעט טיף אין ד'רערד...

ע ס ר ו י ג.
(צו שניידערן).
נו, פֿרעג איך אייך, איז ניט קיין מיצווע דען
די שמיך, וואָס מע האָט זיי אַריינגעשמיסן.
אַ שאָד, וואָס איך בין ניט געוועזן דערביי,
איך וואָלט פֿון מיין זייט צוגעלייגט אַ קנייטל...
אַי לעבן זאָל, געזונט זאָל זיין פֿאָן-וואָל,
עס זאָלן קיינמאָל אים די הענט ניט ווייַ טאָן.
(שיינע איז צוגעגאַנגען ניט באמערקבאר. געשטאַנען
אַן א זייט, אויסגעהערט די לעצטע ווערטער).

ש יי נ ע.
וואָרט אויס! וואַרט אויס איר פֿרייט זיך פֿאַר דער צייט
מע וועט זיך נויקעם זיין אָן אים מיט אַייך צוזאַמען.

ע ס ר ו י ג.
שאַ, שאַ! אַ נייע זאָגערן, אָט האָסטו דיר,
פֿונוואַנען האָט זי זיך אַהער גענומען?

ש נ יי ד ע ר.
זיי קלייבן זיך שוין ווידער דאָ, די שלעק,
עס טוט זיי באנג, שוין לאַנג דאָ שטיל געוועזן.
ניין, בעסער קומט פֿונדאַנען, קומט אַוועק,
מע קאָן נאָך ווערן איבער זיי געגעזיקט.
(שניידער און עסרויג אָפּ. איניקע אַרבעטער נאָך זיי.
זילבערשטיין אָפּ און קומט באַלד צוריק).

ל ע ק ע ר ט.
אַרויסגעוואָרפֿן מיך, אַן אַנדער צייט
וואָלט ער שוין גלאַט אַזוי ניט אָפּגעשניטן.

יאַנקל.

וועסט גאָרניט מאַכן, אַלץ אַף זייער זייט.
מע מוז פֿאַר זיי אַראָפּנעמען דאָס היטל.

פּייול.

זיי גלעטן זיך דאָס האַרץ מיט אונדזער וווּנד.

לעקערט.

וואָלט כאָטש דער „בונד" איצט עפּעס פאָרגענומען.

יאַנקל.

עך, קום, בענוג, וואָס קאָן איצט טאָן דער בונד,
מיר דאַרפֿן אָנבויגן דעם קאָפּ און שטומען.

(אָפּ)

שיינע.

אַזאַ מין שטימונג הערשט איצט אומעטום,
מע הערט אַזעלכע רייד אין אלע גאַסן.
מע מוז׳ מע מוז וואָס גיכער עפּעס טאָן,
קעדיי צו ראַטעווען די שטימונג פֿון דער מאַסע.

זילבערשטיין.

אַ פֿאַלשער שריט געווען די דעמאָנסטראַציע.

שיינע.

נאָר איצט איז דאָס פֿאַר קיינעם ניט קיין טרייסט,
איצט דאַרף מען איינס, נעקאָמע, נאָר נעקאָמע!

זילבערשטיין.

נעקאָמע, וואָס באַדייט דאָס? ניין איר ווייסט?
איך וויל, איר זאָלט דאָס אָנרופֿן באַם נאָמען.

לעקערט.

ניט זייט קיין שאָף, וועט ער ניט זיין קיין וואָלף,
אַ שאָס, אַ שאָס נאָר איינער און אַ סאָף.

זילבערשטיין.

(דערשראָקן).

אַ שאָס, אַ שאָס, איר ווייסט צו וואָס איר רופט
איר ווייסט—טעראָר וווּהין עס קאָן פֿאַרפֿירן?
פֿאַר דער באַוועגונג איז טעראָר א סאַם
ס׳איז קעגן דער טאַקטיק און קעגן דער פּראָגראַם.

לעקערט.

געשמיסן אונדז, דערנידעריקט אַזוי,
דערמאָנען זיך, קאָכט אויף אין האַרץ דאָס בלוט.
נאָר בלוט קאָן אָפּוואַשן אַזא מין שאַנד,
נאָר גיי, אז דאָס איז קעגן דער פּראָגראַם.

(דערזעט סענדעראַצקען).

עי, סענדעראצקי, פּייול! קומט אַהער,
דערציילט איר אויך ווי מע האָט אונדז געשמיסן.
זאָגט איר, אַזוי איז דאָס געווען, צי ניט...

געלעגן אַלע מיט פֿאַרהוילטן לייב,
און רוט נאָך רוט האָט זיך אַף אונדז געשאָטן,
און יעדער רוט האָט זיך געוויקט אין בלוט,
פֿאָן-וואַל האָט צוגעקלאַפּט נאָך מיטן פוס
און רויק צוגעציילט: איינס, צוויי, איינס, צוויי.
קיין הונט וואָלט מען אַזוי דאָך ניט געשמיסן.
ווי נעמט מען ניט נעקאָמע פֿאַר אַזעלכס
מע מוז דערפֿאַר זיך נויקעם זיין, מע מוז
און עמיצער וואָלט דאָס געטאָן מיסטאָם,
נאָר גיי, אַז דאָס איז קעגן דער פּראָגראַם.

סענדעראצקי.

אָט די טעאָריעס, דער טייוול זאָל זיי נעמען,
אין פּ. ס. ד. דאָסזעלבע, וואָס אין „בונד",
אַז כ׳ווייס ניט ווער באַשאַפֿן איז פֿאַר ווען:
צי מיר פֿאַר דער פּראָגראַם, צי די פּראָגראַם פֿאַר אונדז?

זילבערשטיין.

וואָס טוט זיך דאָ? ניט אנדערש נאָר איר זיינט
פֿאַרסאמט מיט טעראָריסטישע געדאנקען,
אָט ווו עס שטעקט אַצינדער די סאַקאָנע
ניין, איך בין דאָ איצט איבעריק אַפּאָנים.

(אָפּ).

שיינע.

גיי ווארט ביזוואַנען ער וועט זיך צוגאַרטלען,
גיי וואַרט אַזאַ זאָל אָנהייבן וואָס צו טאָן...

לעקערט.

ווו שטייט געשריבן, אַז מיר דאַרפֿן ווארטן
ביז עמיצער וועט אָנהויבן. מיר הייבן אָן!

פּייול.

(וואַרפֿט זיך צו לעקערטן).

וואַרט! כאַפּ זיך ניט! ווי הייסס מיר הויבן אָן...
דו מיינסט, אַז מיר איז גרינג צו שטיין און שווייגן?
איך וואָלט אליין געגאנגען עפּעס טאָן...
נאָר אונדזער קראַפֿט איז ניט אין מיר, און ניט אין דיר,
מע דאַרף, אַז דאָ זאָל עפּעס טאָן די מאסע

(אָפּ אין א זייט).

לעקערט.

(שרייט נאָך).

און איך, און דו און ער און אַלע מיר
וואָס זיינען מיר? מיר זיינען ניט די מאסע?

סענדעראצקי.

אָט דאָס איז אַ געדאַנק, אַ טייערער געדאַנק...
פֿון עמיצן פֿון אונדז באַקומט פֿאָן-וואַל אַ קויל.
כ׳האָב אַליין דערפֿון געטראַכט שוין לאַנג,
איך האָב נאָר ניט געוואגט דאָס ברענגען פֿאַרן מויל.

לעקערט.
איז אָפּגערעט... נו. גיט די הענט אַהער!
מיר טרעטן צו, מיר זיינען דאָ איצט דרייען
אַ פּערטער וועט זיין פּייוול... ער וועט גיין...
איצט גייט אונדז אָן אַ פינפטער... כ'מיין אַ שפּייער.

סענדעראַצקי.
אַ שפּייער, יאָ, ווי מיינסטו, שיינע, זאָג!
מיר וועלן קריגן?

שיינע.
איך מיין, מיר וועלן קריגן...

לעקערט.
מיר וועלן קריגן אַלץ. פאָן-וואַל, פאָן-וואַל
דו ביסט געפּייגערט שוין, דו ביסט שוין טויט!

סענדעראַצקי.
עס מעג אַפּילע דראָען אונדז די טליע...

שיינע.
מע בעט דיך ניט, באַווייַן אונדז ניט אַפּריער,
טויט אָדער רויט!

לעקערט.
ניין, ניין, ניט טויט... און רויט!

---

י. ריוועס

# אין יאָר 1919.

(פֿאָרזעצונג).

דערביי האָט ער שוין אַ ווונק געטאָן מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט, און אַן ארמיי אַ באַוואָפנטע: מיט פאָנען און געזאַנג, אַן אַרמיי אף לייכטע פערדלעך און אָן שטיוול, אַן ארמיי מיט אזוי ווייניק ברויט, האָט זיך אַוועקגעלאָזן אַף וועגן פון וואַרשע, בערלין און נאָך ווייטער. און געדוכט האָט, אז זיי שפּאַרן ניט נאָר אַף די געפרעגטע וועגן, נאָר אין גאָר דער וועלט אַריין...

בלויז איינער פון זיי האָט זיך עטוואָס לענגער פאַרהאַלטן אין שטאָט.

אַליין איז אָט דער מענטש געווען פון ניט הי, אָבער די שטאָט האָט ער שוין גאָרניט שלעכט געוויסט, האַגאַם ער איז דאָ אינגאַנצן איינמאָל געווען. האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אין איינע פון יענע הייזער, ווו אמאָל האָבן די רייכסטע און אָנגעזעענסטע באַלעבאטים געשיקט זייערע גוט געכאוועטע קינדערלעך לערנען, אין דער הויז, וואָס פריער האָט זי געהייסן „יעקאַטערינינסקאַיאַ גימנאַזיאַ", און האָט זיך אין די פילצאָליקע צימערן פון דער אמאָליקער גימנאַזיע באקוועם געמאַכט אַזא אַנשטאַלט, וואָס האָט געהייסן: „העכסטער ראַט פוןווירטשאַפט". אָבער דערדאָזיקער נאָמען איז דערווילע געווען ניט מער ווי א שילד. די צימערן זיינען געווען פוסטע, מער ווי אומבאַהאָלפענע אַרבעטער-הענט האָבן זיך דאָ ניט געפּאָרעט בא גרויסע צונויפגעשלעפטע שרייבטישן און שווערע, טיפע שטולן. אַף די ווענט פון די אלע צימערן און קאָרידאָרן, זיינען נאָך אַלץ געווען איינגעמויערט און צוהאַנגען קליינע און גרויסע קייזערלעכע פאָרטרעטן. מער איז דאָ דערווילע נאָך גאָרניט געווען. אָבער וואָס אַרט דאָס אים, דעם איצטיקן רויטאַרמייער, וואָס האָט נאָך פריער, נאָך פאַר די פוילישע, זיך אויפגעהויבן פון א דערשראָקענער מאַכנע פויערים-אויפשטענדלער, אויפגעהויבן, דורכגעריסן אַ פראָנט און ווי אן איינציקער טראָפּן אין יאַם, זיך אַריינגעגאָסן אין דער גרויסער רויטער אַרמיי.

שטייט ער אין איינעם פון די סאַך-סאך צימערן אין זיינע צופליטערטע מיליטערישע זאַכן, אין דער ציווילער היטל, און פון דעם אַלץ קוקט אַרויס זיין פרישער, ציווילער פּאָנים, און מאָנט מיט אַ פאַרטויבט קאָל:

— באקליידונג, ווי קען מען אזוי גיין? גיט באקליידונג!..

ווייזט ער אַף זיין אָנטאָן...

שמייכלט זעליק באַם גרויסן צוגאָסענעם טיש, שמייכלט ער אים אזוי כאַווריש—ליב און ענטפערט, דוכט זיך, מער מיט אַ טנוע, איידער מיט ווערטער:

— ניטאָ, כאַווער, ניטאָ.

איז דאָס פאַר אים קיין טערעץ ניט. אַגעוו איילט ער נאָך— ער וויל ניט אָפּשטיין פון דער רייטער-מאכנע זיינער, רעט ער גיך און מאָנט פעסט:

— דאָס איז אַן ענטפער: „ניטאָ"?... צוזעצט זיך בא די גרויסע טישן... וואָלטן געפרווט אַפן פראָנט גיין!...

האָט זיך זעליק נאָר אויפגעהויבן, און אזוי טיף אַף אים אַ קוק געטאָן. אַן אָפּקלאַנג פון פרעמדקייט האָט א הויך געטאָן פון די טאינעס.

דער רויטאַרמייער האָט זיך אַביסל פאַרלאָרן. עפּעס האָט אים געשטערט זעליקס קוק, אַזוי ווי ס׳שטערט אַ פלוצלונגע ליכט פאַרן אויג, האָט ער געפרעגט גאָר אַן אַנדער זאַך, און שוין גאָר מיט אַן אַנדער טאָן:

— ביזט אַ פאַרטעישער?—און דערביי אזוי זיך א שאר גע-טאָן מיטן געווער באם זייט...

ערגעץ אין זעליקן האָט זיך צולייגט א שמייכל, אַ קלייניקער ווי א קליין, דין קנייטשעלע:

איז דאָס ניט קלימאָוויטש? איז אין אים אַ פארדאכט אויס-געוואַקסן. אָבער פרעגן וועט ער אים ניט. ביפראַט, אַז ער ווייס ניט אַף זיכער, ביפראַט, אַז ער גייט איצט ווייטער אפן פראָנט, און באזונדערס צוליב דעם, וואָס אויב יאָ, האָט ער שוין פון אים ניט איינמאָל געזען אַזוינס, וואָס גיט אָפּ פון זיך ניט מיט אייגענעם, עפּעס פרעמדן רויך, דערפאַר האָט ער אים שוין גאָרניט געענטפערט אַף זיין פראַגע. ער האָט נאָר נאָכאמאָל אַ קוק געטאָן אַף זיינע שטאַרק אָפּגעטראָגענע שטיוול, אַף דעם מיש-מאַש פון זיין אָפּגעטראָגענעם אָנטאָן, האָט געהאַט אין זינען ווייטע וועגן: אַף וואַרשע, בערלין, אַף וועגן אין ווייטער וועלט, און איז געבליבן איינגעהאַלטן—שטיל.

25

געווען און אַוועק.

געווען אַ רויטארמייער, וואָס האָט אַף פאַרשיידענע אויפאנים געמאָנט:

— גיב!...

געווען אַרבעטער, וואָס זיינען איינער נאָכן אַנדערן געקומען און אָוועקגעלייגט אזא מאָדנע פראַגע:

— נו?...

געווען און דוכט זיך שוין לאַנג אַוועק. איז וואָס איז דאָ צו טראַכטן און דערמאָנען זיי? האָט שוין טאַקע זעליק אַף די אלע געקומענע פאַרגעסן, נאָר אין אים האָט זיך ווי אופגעשלאָגן אַ זאָרג וועגן אַרבעט פאַר ארבעטנדיקע, אַ זאָרג וועגן אָנטאָן אַ רויטע אַרמיי.

אַ דראָענדיקע זאָרג.

האָט ער זיך טאַקע געגרייט, און מיט אומגעדולד געוואַרט אַף דער נאָענטסטער זיצונג פון פאַרטיי-דריילינג.

איז זיין וואַרטן געווען גאָר אומזיסט. נאָך איידער די זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן, נאָך איידער ס׳איז ענדגילטיק באַ-שטעטיקט געוואָרן די פאָרגעלייגטע טאָגאָרדענונג פון פאַרטיי-סעקרעטאַר, האָט דער פאָרזיצער פון רעווקאָם געוואָרפן אַף אַלעמען אַזא בליק, ווי ער וואָלט מוירע האָבן, צי איז ער דאָ ניט אַף וואָס אויווער, און שטיל פאַרטרויט, פאָשעט אינ-פאָרמירט:

— דער ווינטער איז שוין קימאַט אַפן נאָז, און די אַרמיי איז נאַקעט, קיין סכוירע איז ניטאָ. אַלץ ווערט באַהאַלטן אַף ספּע-קוליאַציע.

איז אַ לייכטע, אומגעדולדיקע באַוועגונג דורך צווישן דעם דריילינג, ווייל דאָס אלץ האבן שוין אַלע לאנג געוווסט. האָבן אים אַלע מיטאמאָל איבערגעשלאָגן:

— נו?...

האָט ער שוין געענטפערט פאָשעט און קורץ:

— דער רעווקאָם האָט באשלאָסן רעקוויזירן אַלץ, וואָס קען גיין אַף באקליידן די ארמיי.

זיינען אלע געבליבן א מאמענט שטיל און פאַרטראַכט. נאָר דער סעקרעטאר פון פאַרטיי-דריילינג האט געאיילט און פון איי-לעניש געפרעגט צוויי פראַגן מיטאמאָל:

— ווער וויל וואָס זאגן? וועלכע פאַרשלאגן זיינען דאָ?

ערשט איצט האָבן זיך בא אלעמען מיטאמאָל די מיילער ווי צובונדן.

איצט האָט זיך דער פאָרזיצער פון רעווקאָם דערפילט, קענטיק, היימישער און פעסטער, האָט ער אַריינגעטראָגן אן אייגענעם פאָרשלאָג:

— באשטעטיקן דעם באשלוס פון רעווקאם וועגן רעקוויזירן פאַר די נויטן פון דער ארמיי, מאנופאקטור לעדער און באקאליי און אויסטיילן א היגן כאַוועך (ער האָט אנגעוויזן אַף זעליקן) אַף אנצופירן מיט דעם.

דאָס איז געווען די ערשטע זיצונג, וואָס זעליק איז ניט דער-זעסן ביז צום ענדע. עפּעס האט אים געהויבן פון אָרט. צי דער-פאַר, ווייל אף אים האט מען איצט ארופגעלייגט אַ נייע, שווערע אַרבעט, צי דערפאַר, ווייל דער פאַרשלאג פון רעווקאָם איז אזוי פינקטלעך צונויפגעפאַלן מיט דעם, וואָס ער האָט געטראַכט און געוואָלט, און צי וואָס ס׳האָבן אזוי אומקלאר אָנגעדייט די אר-בעטער. האָט דאָס אים זעליקן דעם ערשטן אַרויסגעטראגן פון זיצונג-צימער אין גאַס—צו ארבעט, ארבעט און ארבעט...

26

סאָכרים און קרעמער, אופקויפער און פאַרקויפער, האבן שוין לאנג אף עפעס געוואַרט. שוין ניט איין טאָג ווי קרעמערישע טירן, ווי געניייווישע אויגעלעך, זיינען געווען האלב אָפן און האַלב פאַרמאכט. איצט האָבן זיך די האלב אָפענע און האלב פאַרמאכטע טירן אינגאַנצן פאַרהאַקט.

גייען ארום זעלנער איינציקע און צו פינף און צו צען מיט געלט אין די קעשענעס און ווו צו קויפן איז ניטאָ. לויפן אַרבעטער, אייגענע, היגע, לויפן, מיינען נאָך דערכאפן, באווייזן עפּעס קויפן, איז שוין אָבער אומעטום לאנג פאַרהאַקט. איבער אלע טירן, ווי פאַרלייגטע באלעבאטישע הענט, זיינען איבערגעפלאָכטן גרויסע, לאנגע אייזנס.

האָבן זיך ארבעטער ווייטער געשטויסן אין באקוועמע צימערן פון פאַרטיי-דריילינג, אין שטארק-אָנגערויכערטע צימערן פון רעוו-קאָם, האָט מען געמורמלט אין דער גרויסער, גרויסער, עפּשער גרעסטער הויז אין שטאָט, וואָס האָט איצט געהייסן: „פּאַלעץ פון אַרבעט", און שטאַרק געמאָנט.

—גוואַלד, וואָס שווייגט מען?!...

— וואָס טוט מען גאָרניט...

— פריִער, אז מע האָט מיט אונדז אלץ געטאָן, איז געווען— אַ ווייטיִק, איצט איז דאָך ביידע זאכן: אַ ווייטיִק און אַ שאנדע...—האָט אַ דריִטער טיִפזיניִק צוגעגעבן.

אזוי האבן ארבעטער געהויבן די היִטלען אַף ארוף, ווי זיי וואָלטן אַלץ בעסער געוואָלט זען, וואָס ארום זיי טוט זיִך, און אַף אלע טרעפ, וואָס האבן געפירט ארוף און אַראָפּ איִן די ניי-פארנומענע הייזער, אומעטום פלעגט מען איבערשניידן דאָס איילנדיקע געלאָף פונם כאווער זעליק, אוועקשטעלן זיך איִם אזוי אנטקעגן; גאַנץ כאווריש-נאָענט און דערביי איז אַפיִלע ניט קלאָר געווען, צי האָבן זיי בא איִם וואָס געפרעגט אדער פאָשעט געאייצעט און עפשער אזוי זיִך אויסגערעט דאָס הארץ.

— קיין אַרבעט ניִט.

— קיין געלט ניט.

— ווו צו קויפן איִז ניִטאָ.

און אַ פערטער פלעגט ווידערהאָלן אַלעמענס טאינעס מיטאַמאָל:

— ניטאָ, ניטאָ!—פלעגט ער נאָכדעם אן איינציקן וואָרט אַרויסזאָגן אַזוי אָפגעזונדערט—פעסט, וויִ ער וואָלט מיט דעם געוואָלט פאַראנקערן א פאַרענדיקטן געדאַנק.

געלאָפן איז זעליק גאָר אַנדערשווו און דאָך געווען צופרידן מיט דער באגעגעניש. איִצט איִז גוט געווען, וואָס זיי האבן איִם פאַרהאלטן, איִצט איִז צו דער צייט און אזוי נויטיק געווען זייער מאָנען. האָט ער זיי טאַקע געוואָלט זאָגן וועגן יענער באשטימונג פון רעווקאָם, איז דאָס אָבער שטרענג געהיים. וועגן דעם וועט ער קאָנען ריידן ערשט דאַן, ווען אלץ וועט שוין זיין צוגעגרייט. האָט ער זיי נאָר אַזוי מאָדנע אָנגעקוקט און געמאכט מיִט זיינע לאנגע שוואַרצע ברעמען, ווי ער וואָלט מיט דעם זאָגן, אַז ער וייס פון אלץ, אַז קעגן דעם ווערן אָנגענומען ענערגישע מיִטלען. ערשט איצט האט ער זיִך געכאפט, אַז דער נעכטיִקער באשלוס פון רעווקאָם שפעט נאָך ניט אלץ אויס, מע וועט זיִך טייקעף און טאקע גאַנץ איילנד דאַרפן נעמען פאַר א צווייטן טייל פון יענעם באשלוס, פאַר דעם, וואָס ס'איִז נאָך ניט דערמאָנט געוואָרן אַף דער זיצונג. פאַר באזאָרגן אַרבעטער מיט אַרבעט. דערפאַר איילט ער און איז שטאַרק צופריִדן פון דער באגעגעניִש.

— גוט, גוט, וואָס מיִר האבן זיִך געטראָפן, קומט מאָרגן אין פאַלעץ פון אַרבעט.

— — — — — — — — — — — — —

טעג זיינען נאָך אלץ געשטאנען זומערדיִקע, העלע און זוניִקע, אָבער דיִ אָוונטן זיינען שוין שטאַרק באהויכט געווען מיִט הארבסטיִקן אָטעם.

גאַסן פאַרלאָזענע, שטיִלע און פענצטער פאַרהאנגענע, טונקל-באַלויכטענע. און איִן טונקל-באלויכטענע גאַסן—אַרבעטער, צו צוויי און צו דריי און נאָך מער, איִן דער באגלייטונג פון באוואָפנטע רויטאַרמייער.

דאָס ערשטע מאָל האָבן אַרבעטער געהאט נעבן זיִך באוואָפנטע אַרמייער, וואָס זיינען פיִנקטלעך געגאַנגען איִן זייערע טריִט און באהיִט און באשיִצט זיי.

דאָס ערשטע מאָל...

זיינען דיִ אַרבעטער געגאַנגען איִצט גיִך און יאָגנדיִק זיִך געשטיִפט.

נאָר דאָס שטיִפריי האָט געדויערט אזוי לאַנג, ביִז זיי האבן נאָך געקענט באמערקן איִן דער ווייטער גאַס דעם איינציקן אַרומשפאַציִרנדיקן, דאָס איינציקע אָפּהיִטנדיִקע אויג פון זעליִקן, וואָס איז באשטיִמט אַף אנצופיִרן מיִט דער גאַנצער ארבעט, ווען איינער פון זיי האָט געטראָגן אַ ליִכט מיִט טריִוואַקס און אַ שטעמפל איִן האַנט, א שטעמפל אַ פרעמדער און אַפילע גאָר פון אַן אנדער זאך. נאָר, מיילע! דאָט האָט זיי גאָרניִט געשאט. זיי האבן אַסאך אלטע און גאָר אַנדערע זאכן באנוצט צו א נייער אַרבעט... זיי האבן אלע זיִכער געוווסט: מאָרגן וועט סכוירע און אַרבעט זיין.

— ס'וועט שוין זיין, ס'וועט שוין זיין,—האָט מען זיך פריידיק געוויִגט אף דיִ זייטן און פאַרזיִכערט איינער דעם אנדערן.

שפעטער, אז זיי האָבן וויִ היִנדעלעך אַרום א מוטער-הון, זיִך אַרומגעקליִבן אַרום זעליִקן, האָט ער געקוקט, געשמייכלט און זיִך פאַרוונדערט:

— פאַרשוויצט?

ערשט דאַן האָבן זיי מיִטן אַרבל דעם שטערן געוויִשט, איינער צום אַנדערן געשמייכלט און געוואָלט עפעס איִבערגעבן אַ גאַנצע געשעעניִש:

— פאַרשטייסט?...—האָבן זיי געשמייכלט, דערביי געמאַכט אַזא דריי מיטן האַנט, וואָס האָט אויסגעדריקט האַנאָע.

ער איִז געשטאַנען און געפילט ווי איִן אַלע אייוורים שווימט איִם צונויף אַ פרייד און ער האָט אַליין ניט קלאָר געוווסט פון וואָס, צי דאָס איז די פרייד פון אָנזאמלונג און פאָרשטייענדיקער אַרבעט, אָדער פון דעם באַוווסטזיין, אַז דאָרט אין צימער וואַרט שוין אַף איִם יאדוויגא, אָדער עפשער גאָר פון דעם, וואָס ער האָט היינט דאָס ערשטע מאָל געזען אַף אַרבעטערשע פעניִמער שוויס ניט פון שווערער, נאָר פון האַנאָעדיקער אַרבעט... איבעריקס איִז די פרייד איִן איִם געווען אַזויפיִל, אַז דאָס איז זיכער געווען אַ רעזולטאט פון אַלץ אינאיינעם...

ער האָט געקוקט אין דער ווייט פון לאַנגע אָפגעליידיקטע גאַסן, אַף די רויטע באשטעמפלטע שנירעלעך טריוואקס, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון דיִ שוואַרצע אייזערנע קראָם-טיִרן. איִצט וועט שוין קיין זאַך פון האַנט ניִט אַנטלויפן, איצט ליִגט אַלץ גרייט אונטער שלאָס און טריוואקס און וואַרט אַף זיין קומען...

— — — — — — — — — — — — —

שפעט אין דער נאַכט איִז ער אהיים געקומען. איִן איִם זיין נען דאַן אַזויפיִל קיכעס אופגעשווומען, אַז ער האָט געהאט אַ באַדערפעניִש עפעס שווערעס צו ריִרן פון אָרט. איז אָבער יאַדוויגעס צימער געווען ליידיִק, אַפיִלע גאָט און פילסודסקי זיינען שוין אַף די ווענט ניִט געווען. געבליבן איִז נאָר זי, יאדוויגע, אַ לייכטע, אַ צארטע, מיט אַ ליבן בליִק, וואָס האָט, דוכט זיך, געהאלדזט און געקושט פון ווייטן.

האָט ער זיך איינגעגעסן—אין איר, זי—אין אים, אוןביידע האָבן זיי דעם שווערן, אומדערמידלעכן טאָג באַקרוינט מיט זייער ליבע . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אַז ער האָט זיך אופֿגעכאַפּט, איז זי שוין ניט געשלאָפֿן. ער האָט ברייט צועפֿנט די טיפֿע גלאַנציקע אויגן, און גאָר אַזוי פּלוצלונג פֿאַר איר און פֿאַר זיך, אַ פֿרעג געטאָן.

— וואָס איז מיט קלימאָוויטשן?!...

איר האָט די פּלוצלונגע פֿראַגע אַביסל צומישט. זי האָט א צי געטאָן מיטן אָטעם ווי אַף אַ שמייכל צו טאָן, און אנשטאָט אַן ענטפֿער, געפֿרעגט פֿאַרוואונדערט און צוטומלט:

— וואָסי?...

ווי אַ גליענדיקער פֿונק איז אים אַריינגעפֿאַלן איר צוטומלטע פֿראַגע. אין אים האָבן זיך גיך צופלאַנטערט דעריִנערונגען וועגן אַ רויטן-אַרמייער, וואָס האָט נעכטן געשאַרט מיטן געווער (ערשט איצט האָט ער דאָס בעסער ווי פֿריִער געזען) און געמאָנט באַקליידונג און וואָס ער, אַ מיטגליד פֿון פּאַרטיי-דריילינג, ווייס ניט וואוהין ס'איז קאָמאַנדירט געוואָרן קלימאָוויטש אַף אַרבעט און וועגן דעם, וואָס זי האָט זיך דאַן אַזוי לאַנג געזאַמט אין דאָרף, וואָס זי האָט אים קימאַט גאָרניט, גאָרניט דערציילט ווי און וואָס דאָרט איז געווען אין דאָרף. און נאָך און נאָך האָט ער זיך דערמאָנט. און אַלץ איינ־ינעם האָט זיך דאָס אופגעשלאָגן אין אַ שטיקנדיקן קאַעס. האָט ער אָנגעשטרענגט אַריינגעקוקט אין אירע גראָע, קינדערשע אויגן און מיט אַן ערנסטן, קימאַט קאַעסדיקן קאָל, ווי אָפּגעבריט איר מאָדנע גיך מיט אַ פֿאַרוואונדערונג:

— וואָס, „וואָסי?!...

27

אין טעג פֿון טויזנט ניין הונדערט ניינצן, ווען די רויטע אַרמיי האָט זיך געטראָגן מיט ראַעש פֿון ווייטע, אופֿגעבריוזטע רוסישע שטעט און האָט אין פֿאַרשיידענע ריכטונגען, פֿון איינעם פֿון אירע פֿיל גרענעצן, אַריינגעשלונגען איין פּונקט נאָכן אַנדערן, פֿאַרשוועכט איין שטאָט נאָך דער אַנדערער אַזוי גיך, אַזוי אומדערוואַרטעט פֿלינק—אין יענע טעג האָבן מענטשן פֿון פֿיל-פֿיל שטעט, מענטשן דוכט זיך אַזעלכע, רויקע, באַזאַכטע, אַזעלכע, וואָס האָבן בלויז מיטן קוק, אָדער לויט עפּעס אַ געהיימען רייעך געקענט זאָגן, דעם קורס פֿון פֿראַנק, דעם קורס פֿון דאָלאַר און פֿונט, און אַפֿילע דעם פּרייז פֿון סאַכאַרין און קאַקאַין, אָט די אַלע מענטשן זיינען איצט ווי איינגעשרומפּן געוואָרן.

געוווסט און גערעט האָט מען, אַז די רויטע אַרמיי גרייפֿט ערגעץ אָן נאָך ווייטער, און אַז מיט יעדער טאָג פֿאַרגייט זי אַף וועגן און שליאַכן נאָך קיינמאָל פֿאַר איר קיין באַטראָטענע.

פֿלעגן זיך אַרבעטער אַוועקשטעלן גאָר אין מיטן גאַס, אַוועקשטעלן אין אַ פּאָזע פֿון אַ מענטשן, וואָס וואַרפֿט אַרויס אַ פֿאָן אין אַן אקאָרשט פֿאַרנומענעם לאַנד, און ווי רייצנדיק זיך, געוואָרפֿן אַ פֿריידיקן וואָרט ווי אַ לאָזונג:

— אונדזערע נעמט!...

אַזאַ רייצנדיקער וואָרט ווי אַ לאָזונג האָט נאָך ווייטער, טיפֿער פֿאַרטריבן די מענטשן פֿון יענע פֿאַרוקטע צימערלעך און געדוכט האָט, אַז אַ וועלט זייט אויס פֿון זיך עפּעס שווערעס און דריקנדעס און ווערט אנשטאָט דעם אָנגעפֿילט מיט פֿרייהייט.

אָבער קיין געזעצן וועגן פֿרייהייט. אָדער אַפֿילע וועלכע ניט איז דעקלאַראַציעס וועגן דעם, האָט נאָך דער רעווקאָם ניט אַרויסגעגעבן. ס'איז דערווייל בלויז געווען אַזאַ פֿרייהייט, וואָס האָט ווי גוטע, אָפּגערייניקטע לופֿט זיך אופֿגעהאַלטן אין רוים...

דערפֿאַר זיינען אַרבעטער אין גאַס אַרויס און באַ יעדן פֿאַרנעמען אַ נייעם פּונקט, באַ יעדן פֿאַרנעמען אַ נייע שטאָט, פֿלעגן זיי וואַרפֿן אַ פֿריידיקן, זיגערישן וואָרט ווי אַ לאָזונג:

— אונדזערע נעמט!..

נאָר דאָס איז געווען אין שטאָט.

אָבער אַף וועגן, אַף שליאַכן האָבן זיך וואָס ווייטער אַלץ מער אָנגערוקט פֿינצטערע און רעגנדיקע נעכט.

האָט זיך געצייגן אַ רייטער-אַרמיי, אָט די, וואָס איז דאָ נאָך גאָר ניט לאַנג אַרויס פֿון שטאָט אַ שטאָלצע מיט זיג און מיט פֿאָנען און געזאַנג, אָט די רויטע אַרמיי האָט זיך איצט געצויגן אַ מידע און צוּוואָרפֿענע און אַרויסגעקוקט נאָך אַ דאָרף, נאָך אַן אָפּשטעל. איז אָבער די צייט פֿון אָפּשטעלן נאָך ווייט. קנעט אַן אַרמיי אַ פֿרישע, האַרבסטיקע בלאָטע, קנעט, ווער מיט שטיוול אַפֿן פּלייצע, און ווער איינגאַנצן אָן דעם מין, וואָס רופֿט זיך שטיוול.

איז שווער. פּרובירט זיך אַן אַרמיי צושיטן אַף פֿעלדער עסוואָס טריקענערע, באַצויגענע מיט גרינעם, אַקאָרשט אַרויסגעשפּראָצטן ווינטער-טוועע, מע הויבט זיך אָן צושיטן אַף זייטיקע וועגן...

גיט זיך אַ רויטער קאָמאַנדיר אַ דריי אין אַ רונד אַרום איינעם מיט זיין לייכטן פֿערדל און וואַרפֿט אַ דערמאָנונג:

— כאַוער!...

כאַוער האָט שוין פֿון דער וואָרנונג באַדאַרפֿט זיך דערמאָנען, אַז אַף פֿויערישע פֿעלדער טאָר מען ניט טרעטן, אז וועגן דעם האָט מען פֿיל גערעט און געוואָרנט, נאָך איידער מען איז פֿון קאַזאַרמע אַרויס, נאָך איידער מע האָט דעם ערשטן טראָט געמאַכט. האָט זיך דער כאַוער טייקעף טאַקע דערמאָנט אַף דעם, זיך געשטעלט אין דער ריי און ווייטער מאַרשירט.

פֿלעגט אַן אַרמיי, כאָטש פֿונווייטן, ווען כאַפּן אַ קוק צי גייט זי, צי פֿאָרט זי, די קיך, אָט דער שטענדיק רויכערנדיקער וועגל, אָבער ניין, שוין צוויי מעסלעס ווי די אַרמיי האָט איר ניט אָנגעזען. דער איינציקער, וואָס גייט און טראַכט מיט דער אַרמיי, איז קלימאָוויטש מיט זיין אַגיט-וועגל. אויך ער, קלימאָוויטש, איז מיד און הונגעריק, עפּשער נאָך מידער און הונגעריקער פֿון זיין גוטן פֿערד, וואָס האָט אַ ברעטעלע מיט אַ נאָמען געטראָגן—„רומינ״, און זיינע פּלייצעס האָט נאָך שווערער געדריקט און געשלעפּט אַף אַראָפּ דער נאַסער שינעל, נאָך שווערער ווי דער „רומינ״ האָט געצויגן די אַגיטקע מיט אַסאַך פֿאַרשיידענע פֿאַרעלטערטע צייטונגען, מיט ביכער און ביכלעך פֿון מאַרקס און פֿון ענגעלס, און פֿון לענין.

און א העמד האָט געהאט קלימאָוויטש, א העמד—א בלאָטיקע, אַ העמד—אַ שטייפֿע ברעט, וואָס האָט געדריקט און געביסן דאָס לייב.

און נאָך עפּעס האָט געפּיקט און געביסן דאָס באוווסטזיין און שווער געמאַכט קלימאָוויטשן די פֿיס, ווי קלעצער נאַסע.

דוכט זיך, אָט איז שוין ניט ווייט אַ דאָרף, ווו זיי וועלן רוען, ס'איז שוין אַפֿילע פֿאַראַן א יעדיע פֿון די „קוואַרטירמייסטערס", אַז ס'זיינען שוין צוגעגרייט ערטער פֿאַר אים און דערהייבט פֿאַר דער אַגיטקע. איז אָבער שווער און איבעריק געוואָרן דער אָפּשטעל. פונקט ווי דאַן, ווען ער האָט אַקאָרשט אראָפּגענומען זיין האַנט פֿון דער געפּאַטשטער אַרבעטער-באַק, אזוי אויך איצט, פֿילט ער, ווי צו אים וואָלט זיך עפּעס פֿאַרדעכטיקעס צוגעקלעפּט... פֿון יענעם מאָמענט ווען ער איז ארויס פֿונם הויז, וואָס האָט געהייסן „יעקאטערינענסקאַיאַ גימנאַזיאַ", גייט אים נאָך אַ געדאַנק, אַז אין יענעם טיפֿן שטול איז געזעסן זעליק, און קעגן אים האָט ער דאָס אַ שאר געטאָן מיטן געווער. קעגן אים...

האָט זיך זיין פויסט אופֿגעשלאָגן, איינגעבויגן דעם קאָפּ און געקלאַפּט מיטן בלאָטיקן הויפֿן אין אייגענעם בלאָטיקן, לייזיקן קאַרק:

— יאָ. דאָס איז ער געווען,—האָט ער אַפֿן קאָל באַשטעטיקט זיין געדאַנק.

ער איז געווען אַ מאָדנער דער קלימאָוויטש. ער האָט, ווי קיינער פֿון זיינע כאַווייריִם, שטענדיק געזען פֿאַר זיך אַלע שוועריקייטן פֿון זיין אַרבעט, האָט געדענקט דעם פויערישן פּאָניִם, ווען ער האָט אים אנטקעגן געטראָגן דעם נער-שטייער, דעם לעצטן ביסן ברויט, די איינציקע און לעצטע קעלבעלע, געזען דעם וואַלד, ווו ער מיט נאָך פויעריִם-אופֿשטענדלער זיינען פֿאַריאָגט געווען. אָט די אלע שוועריקייטן זיינען געבליבן אין אים ערגעץ שטעקן. ס'האָט אפֿילע געדוכט, ווי ער וואָלט באוווסטזיניק זיי אופֿגעקליבן און אָפּגעהיט אין זיך. איז אָט גיט ער ווייטער אַ קוק ארום זיך, אַ קוק אַפֿן בלאָטיקן צוריסענעם שינעל און דער הויפֿן קנוילט זיך אים אוף.

— יאַלקע, פּאַלקע,—פֿאַרציט זיך אים אַ טונקעלער געדאַנק ווי א וואָלקן,—זאָל ער, זעליק, פּרובירן גיין אַפֿן פֿראָנט... ער וואָלט ניט נאָר געשאַרט מיטן געווער באם זייט...

און גאָר פלוצלונג איז אים אַ ווילדער פֿארלאנג באַפֿאַלן:

נעמען דאָס אַגיטוועגל מיט די אַלע פֿאַרשיידענע פֿאַרעלטערטע צייטונגען, מיט די ביכער און ביכלעך פֿון מארקסן און ענגלס, און פֿון לענין, אָט דעם גאַנצן באַגאַזש און צוואַרפֿן דאָס, צו אַלדי רוכעס, איבער פוסטע, בלאָטיקע פֿעלדער, לאָזן דאָס אין בלאָטע...

— וואָס?—האָט ער זיך אליין געפֿרעגט און געבליבן אזוי שטיל, אופֿמערקזאַם, ווי ער וואָלט אַף דעם „וואָס" אן ענטפֿער געוואַרט. איז אָבער באלד אָנגעשווומען א ליידיקייט, א פוסטקייט, וואָס האָט אים ווי געוואָרגן. ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט ווי זעליק וועט דאָס איבערגעבן אין פּאַרטיי-דריילינג, און באלד וועט שוין אים אָפּזוכן דאָ, צווישן דער רויטער-אַרמיי, אַ פֿאַרשפּעטיקטע פּאַפּירל, וואָס וועט אים אזוי קונציק ארויסרופֿן פֿונדאַנען, ווי דאַן, ווען מע האָט אים פֿאַר דעם פּאטש אן אַרבעטער אָפּגערופֿן פֿון פֿאַבריק. און דאַן, ווען דאָס וועט שוין פּאַסירן, איז שוין פֿאַר אים מער קיין אָרט ניטאָ.

— פֿאַרפֿאַלן דיין קאָפּ, קלימאַוויטש, פֿאַרפֿאַלן!... האָט ער זיך אליין באדויערט.

אָבער ניין. ער האָט נאָך אן אויסוועג. ער וועט אָנשרייבן זעליקן.

— טייוול זאָל ס'נעמען!—האָט ער געטראַכט,—ער מעג דאָך אָנשרייבן זעליקן, דערקלערן ווי און וואָס דאָס האָט בא אים ארויסגערופֿן, ווי אזוי דאָס איז געווען.

אָבער אַפֿילע דאַן, ווען ער איז שוין אין דאָרף געווען, ווען איבערן גאַנצן דיל פֿון פויערשן שטיבל זיינען געלעגן, געדיכט איינער נעבן אַנדערן, זעלנער איינגעוויקלטע אין נאַסע, שטייפֿע שינעלן און אויסגעזען אין זייערע באַזונדערער פֿאַרוויקלטקייט, ווי באַזונדערע, אנגעגרייטע פעקלעך, אַפֿילע דאַן האָט ער נאָך ניט געשריבן. ערשט שפּעט, גאָר שפּעט אין דער נאַכט, ווען א פויער איז פֿון אויוון אַראָפּגעקראָכן און האָט, ווי ניט זיך, און ניט יענעם, איבערגעגעבן ווי אַ בסורע:

ס'גרויט אַף טאָג,—האָט זיך קלימאָוויטש דער ערשטער אופֿגעכאַפּט און געשוויצט אַף אַ שטיקל פּאַפּיר.

געשריבן האָט ער ניט צו זעליקן, נאָר צו יאַדוויגען:

„כאַווער יאַדוויגא. דו וועסט זיין פֿאַרוווּנדערט, אַז דו וועסט דערהאַלטן מיין בריוול. נישט צו מאַכן. ווייסט דאָך, ס'טרעפֿט בא אונדזערע ברידער א ניטפֿאָרזיכטיקייט. איך וועל זיך ניט שטעלן שרייבן גענוי וועגן דעם. וועל גלייך זאָגן: שולדיק! דיר האָט שוין אוואַדע זעליק געזאָגט וועגן דעם, אויב דו זעסט אים. ניט מיין: איך האָב מוירע. איך שפּיי אַף דעם! נאָר פֿאַרשטייסט, דער געוויסן מאטערט. אזוי פֿיל געטאָן און צום סאָף—נאַ! איך ווענדע זיך צו דיר מיט אַ ביטע איבעריידן מיט זעליקן, אויב ער האָט שוין ניט איבערגעגעבן אין פּאַרטיי-דריילינג. דערקלער דאָרט ווי ניט איז. אַך, יאדוויגא, ס'דערמאָנט זיך אָן דיר, אָן יענער נאַכט אַף די היי. וויפֿל מיר האָבן יענע נאַכט איבערגעלעבט און איבערגעפֿילט. וועל אפֿן זאָגן: יענע נאַכט פֿאַרגעס איך ניט. ס'וואָלט זיך אזוי געוואָלט ווייטער זען דיר. עפּשער וועסטו קומען צוגיין, ווי דעמלט? איך וואָלט נאָך געשריבן, נאָר די שיידים לאָזן ניט. מיר רירן זיך אין וועג".

קלימאָוויטש.

אַז מע האָט אַ געשריי געטאָן:

— רייטער, אַף פע-ערד! האָט ער שוין דעם בריוועלע געהאַט אָפּגעשיקט און זיכער געווען, אַז די עטלעכע ווערטער וועלן אים שוין גוט טאָן! ס'האָט אים אַפֿילע געדוכט, אַז ניט א געוויינטלעכן בריוול האָט ער געשיקט אַפֿן אַדרעס פֿון פּאַרטיי-דריילינג. נאָר ער האָט א פעסטע האנט אויסגעשטרעקט אַהין. האָט ער זיך איצט געפֿילט מונטער, ווי דעם ערשטן טאָג, ווען ער איז אין דער אַרמיי אַריין.

פֿאַר די זיבן יאָר, וואָס ער האָט דעם דאָרף מיטן אַקער פֿאַרלאָזן, האָט ער באוויזן דורכמאַכן צוויי רעוואָלוציעס אין איין

טויזנט ניין הונדערט זיבעצנטן יאָר, געווען אַף אסאך, אסאך פראָנטן און זיך אויסגעוואַלגערט אין פֿאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך. פֿאַר דער צייט האָט ער זיך א ביסל ארומגעשליפֿן, האָט ניטוויניק דערפֿאַרונג באַקומען, ניט ווייניק אַפֿילע פֿאַרשטאַנען, אָבער די גאַנצע פראָטים פֿון מילכאָמע-סטראַטעגיע האָט ער פֿונדעסטוועגן ניט געוווּסט. אים האָט אַפֿילע געדוכט, אַז דאָס איז ניט זיין זאך.

— דאָס איז פֿאַר זעליקן,—פֿלעגט ער זיך, און נאָענטע כאַווירים זאָגן. וואָס ער האָט יאָ געוווּסט, אָדער געפֿילט—איז, אז אין דער צייט פֿון מילכאָמע און פֿראָנטן דאַרף די וועג אַף צוריק זיין גאַנץ און זיכער. דערפֿאַר האָט ער זיך איצט, נאָכן אָפשיקן דאָס בריוול, געפֿילט אזוי גוט...

א רויקער, פֿעסטער און זיכערער, האָט ער זיך ארייגעשניטן מיט זיין וועגל אין דער ערשטער ריי פֿון די מאַרשירנדיקע רייטער. נאָר דער קאָמאַנדיר, אָט דער, וואָס האָט אזוי אָפגעהיט פֿויערישע פֿעלדער פֿון צוטרעטן, האָט אזוי ראַפּטום גענומען גאַלאָפירן צו אים, און געשמייכלט צו אים, און גלייכצייטיק צו אלעמען, נאָך איידער ער האָט געזאָגט:

— כאַווער, דערווייל דאַרף מען נאָך שיסן מיט ביקסן און ניט מיט ביכלעך... און אָנגעוויזן קלימאָוויטשן אף אַ הינטערשטער ריי...

דאָס איז געווען ניט מער ווי אן איינפֿאַל, ניט מער ווי אַ וויץ פֿונם קאָמאַנדיר. ניט געלאָזן אים גיין אין דער ערשטער ריי האָט ער פּאָשעט צוליב דעם, ווייל קלימאָוויטש מיט זיין גאַנצן באַגאַזש איז געווען צו שווער, צו ווייניק באַוועגלעך פֿאַר דער ערשטער ריי אין א אָנגרייפֿנדיקער רויטער רייטער-אַרמיי...

נאָר איצט האָט דאָס קלימאָוויטשן ניט געאַרט. ער האָט פֿאַרביגעלאָזן, האַרט נעבן זיך, איין ריי נאָך דער אַנדערער, זיך אַריינגעפּלאָנטערט אין אַ לעצטער, און טראָט אין טראָט געשפּאַנט מיט דער רויטער אַרמיי... העל, לויטער האָט אויסגעזען דער פֿרימאָרגן און געוווּסט האָט ער, פּונקט ווי דאַן אין שטאָט, אַז ער פֿירט אַף וועגן פֿון וואַרשע, בערלין און נאָך ווייטער ביכער און ביכלעך פֿון מאַרקס און פֿון ענגלס און פֿון לענין...

28

באַדאַרפֿט האָט זי אויפֿשטיין גאַנץ פֿרי, ווייל שוין גאַנץ פֿרי האָט אף איר אַרבעט געוואַרט. אָבער גראָד היינט האָט זי זיך ניט געאַיילט. פֿאָרזיכטיק, איינגעהאַלטן האָט זי זיך אָנגעטאָן, און מיט אַ לייכטן פֿאַרדאַכט געקוקט אף די היילע ווענט פֿון איר קליין צימער, גלייך ניט מיט איר, נאָר מיט זיי, מיט די ווענט, וואָלט עפּעס געשען.

זעליקס פֿאַרדעכטיקע פּלוצלונגע ווערטער האָבן איר צוטרייסלט. ס'האָט איר געדוכט, אַז נאָך אַמאָל אַזאַ פֿרעגן, נאָך אַמאָל אזאַ איבערפֿרעגן, און אַלץ צושיט זיך, אַלץ, וואָס זיי האָט פֿאַרבונדן.

אָבער ניט דאָס איז נאָך געווען דאָס וויכטיקסטע איצט. מער פֿון אלץ האָט זי געפֿילט אַ באַליידיקונג. יעדער אייוועך, איר גאַנצע לייב האָט זיך עטוואָס ווי אויפֿגעקאָרטשעט, ווי דאָס וואָלט אַ באַהעלטעניש געזוכט, און אין די אויגן האָט איר געבענקט אַ פֿייכטקייט.

איצט האָט זי שוין ניט געטראַכט, נאָר ווי פֿון זיך אליין האָט פֿון אלע אירע טעג, פֿון איר ביסל יאָרן, אַראָפּגעצויגן זיך אַ צודעק און זי האָט ניט ווילנדיק געזען זיך אין פֿאַרשפּאַרטן הויף פֿון אָפּגעזונדערטן יעסוימים-הויז, געזען זיך וואַלגערן אין אַ קיך, גאָר אַזוי זיך געוואַלגערט, אַפֿילע קיין דינסט האָט דאָס ניט געהייסן, געזען זיך אין יענעם וואַרשטאַט, ווו זי האָט שוין דאָס גליק געהאַט זיין ביידע זאַכן: אַ דינסט און אַ זאָקנמאַכערן איינעם.

יאָ. אויך איר מעסלעס האָט געהאַט פֿיר און צוואַנציק שאָ.

אין אַלץ האָט זיך איר לעבן אונטערשיידט פֿון אַלעמענס, אָבער אירע טעג און יאָרן זיינען געווען פּונקט אַזוי גרויס ווי אַלעמענס. האָט דאָס איר, יאַדוויגען, געקלעקט אַף פּופֿצן שאָ דרייען אַ צוגעשרויפֿטע מאַשין צום טיש, דרייען אָן אויפֿהער הין און הער און הערן אַזאַ צושרויפֿן, פֿאַרכליפּעטן אָפּקלאַנג פֿון אַלע זאָקן-מאַשינען. און ערשט שפּעטער, נאָך דער אַרבעט, ברענגען אין אָרדענונג דעם גרויסן וואַרשטאַט, און נאָכדעם, איינגאַנצן אַף אַ שאָ-צוויי, העלפֿן איינלייגן באַלעבאַטישע קינדער שלאָפֿן...

איז האָגאָם דאָס אַלץ איז געווען מיט אַ צייט צוריק, דאָך האָט זיך איר געוואָלט דאָס אויפֿלעבן און כאָטש אַ ווייליקע האָבן פֿאַרן אויג, קעדיי די בלאַנקע פֿייכטקייט פֿון די אויגן זאָל נאָך פֿולער ווערן. אַדראַבע, זאָל זיך אַרויסקייקלען אַ טרער פֿון אויג, זאָל אַביסל גרינגער ווערן.

אָבער געוויינט האָט זי ניט. פֿאַרקערט, ס'האָט אין איר אַ זיכערקייט גענומען אָנוואַקסן. ווייל געוווּסט האָט זי פֿון פֿריער פֿון לאַנג, אַז אלע אירע איינזאַמע קינדערשע טריט, האָבן איר קימאַט שטענדיק געפֿירט פֿון איין שווערקייט צו אַ צווייטער, און יעדע נייע שווערקייט, צו וועלכער זי האָט זיך מיט קינדערשער אַיינגעשפּאַרטקייט געצויגן, האָט איר געפֿירט אַף אַרויף, אַלץ אף אַ טרעפּ העכער, ביז זי איז דערגאַנגען צו יענעם פּינטעלע, וואָס זי האָט געקענט איינגאַנצן ניט ווערן, געקענט אָפּגעווישט ווערן פֿון דער ערד ווי אַסאַך, אַסאַך אזעלכע ווי זי.

געווען איז דאָס גאָרניט לאַנג, ווען זי איז אַריין אין דער אָרגאַניזאַציע. אייגנטלעך וויים זי אַפֿילע ניט זיכער, צי איז זי אַליין געוואָרן אַ מיטגליד, אָדער די וואַרשטאַט-אַרבעטערנס האָבן איר אַריינגעשטויסן אַהער. אַלע האָבן געפֿונען, אַז זי מוז און דאַרף זיין אין דער פּאַרטיי.

— אַז זיי (די קאָמוניסטן) וואָלטן געוווּסט פֿון איר. וואָלטן זיי אַליין געקומען נאָך איר,—פֿלעגט איינע, אַ ביסל אַ יינגערע פֿון יאַדוויגען, זאָגן.

איז אין טעג ווען ס'האָט זיך גענומען אויפֿוויקלען די מילכאָמע צווישן די פּוילישע און באָלשעוויקעס האָט זי זיך געשטעלט אין רינסט פֿון דער קליינער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע. איצט זעט דאָס איר אויס קינדערש. זי איז געשטאַנען פֿאַר די כאַווירים פֿון דער אָרגאַניזאַציע און געמאָנט עפּעס טאָן, העלפֿן.

— איז וואָס גיט מען אַזא איינער, וואָס קען אַזאַ טאָן?— פֿלעגן עלטערע זיך פֿרעגן.

אָבער זי שמייכלט. קוקט אָן מיט איר העלן, ליכטיקן פּאָנים:

— וואָס מע וועט געבן, וועט זי טאָן...

ביז זי האָט אויך דאָ, אין דער אָרגאַניזאַציע, דערוואַרט אַ שווערקייט, דערוואַרט זיך, ביז אַ העכסטער געפֿאַר.

געוועזן איז דאָס, ווען מענטשן פֿון דער אָרגאַניזאַציע האָבן געהיים דעם פֿראָנט געריסן און געלאָפֿן מיט נויטיקע ידיעות אַזוי לאַנג, ביז זיי זיינען אַף דעם ברייטן, פּוסטן שעטעך געבליבן ליגן און שוין מער ניט געקומען... דאַן האָט זי געוווּסט אָנצוטאָן אַ גרויסן ציילעם, וואָס זאָל זיך אָן יעדער מי אַרויסזען פֿון האַלדז, נעמען אַ יעוואַנגעליע און אַוועק מיט אַ שיפֿרירטער יעדיע דורך אַ האָגל פֿון קוילן, אַוועק אָפּזוכן אזאַ אָרגאַניזאַציע וואָס הייסט ר.ק.פּ.

דאַן האָט זי אַפֿילע ניט געוווּסט, וואָס זי טראָגט און ברענגט צוריק. געפֿילט האָט זי אָבער, אַז זי טוט פּונקט דאָס, וואָס איר גלוסט. עס פֿלעגט איר אַפֿילע דוכטן, אז דאָס, וואָס זי טראָגט, האָט איר קיינער ניט געגעבן, אז זי האָט דאָס אין איר לעבנשווערקייט געפֿונען...

איז איינמאָל, ווען זי האָט אזוי געפֿילט און געטראַכט, האָט זי דערהערט אַ באַפֿעל:

— שטיי, אַניט שיס איך! און איידער זי האָט נאָך באַוויזן אַיינצוהאַלטן איר איילנדיקן געלאָף, האָט זי דערהערט אַ שאָס. זוי, אז זי האָט קוים באַוויזן די הענט אויפֿהייבן און ווי אַרויסרעכצן:

— יעזוס מאַריע!...

נאָר זי האָט זיך ניט פֿאַרלאָרן.

דער זעלנער האָט קאַלט גערופֿן:

— קום!

אז זיי האָבן זייערע קעפּ ביז דער ערד געבויגן און אַריין אין פּויערישׁ שטיבל, ווו ס'האָט זיך געפֿונען דער פּוילישער אויפֿזע-פּונקט, האָט זי שוין באַוויזן צו באַהאַלטן דאָס צעטעלע פֿון ר.ק.פּ. אין זיך... איצט איז איר פֿאַרבליבן צו פֿאַרהיטן, פֿאַרטיידיקן נאָר איין זאַך—זיך... איז איר פֿאַרבליבן קלוימערשט אָפּצוהיטן דאָס פּעקעלע.

האָט זיך דער אָפֿיצער געוווּנדערט אַף איר און באַרויִקט:

— זאָל די פּאַניע זיין רויִק. מיר וועלן דעם ברויט ניט נעמען. מיר האָבן ווייסע אמעריקאַנער ברויט!...

אָבער אין אַ סעקונדע אַרום האָט דער אָפֿיצער פֿאַרגעסן אַף זיין באַרויִקונג. זיין פּאָנים האָט זיך ווי אָנגעצונדן:

— שפּיאָנקע, באָלשעוויסטישע! דערשיסט איר!—באַפֿעלט ער די וואַך.

אין יענעם מאָמענט האָט זי אליין ניט געוווּסט, אז זי איז געשטאַנען אָפֿן שוועל פֿון טויט. איצט ווייס זי דאָס.

פֿאַר דער צייט, פֿילט זי, איז זי אויסגעוואַקסן און עלטער געוואָרן אַף מער ווי אירע צוואַנציק יאָר. איצט איז איר גוט געווען וויסן, אז ניט נאָר דאָס איבערגעבליבענע צימערל פֿון פֿאַר דער רעוואָלוציע איז איר היים. איצט איז איר היים אויך די גאַס, די שטאָט און די גאַנצע געגנט... אלע גרויסע מויערן, ווו ס'האָבן זיך ברייט פֿאַנאַנדערגענומען: דער העכסטער ראַט פֿאַרווירטשאַפֿט, דער רעווקאָם און דער פּאַרטיי-דריילינג, אַלע, אַלע יענע מויערן, וועלכע זי האָט פֿריִער גאָרניט באַמערקט און וועלכע זיינען איר פֿרעמד געווען. זי האָט געוווּסט: אין וועלכן הויז זי וועט איצט קומען, וואַרט אף איר אַרבעט, און אומעטום וועט איר ווער אַנטקעגן קומען מיט אַ וואָרט אַ גוטן, מיט אַ וואָרט אַ נאָענטן:

— כאַווער!...

29

ס'איז געווען דער איינציקער טאָג, וואָס יאַדוויגא האָט פֿאַרשפּעטיקט אף דער אַרבעט. שוין פֿון גאַנץ פֿרי שטייט אין אַרבעט-פּאַלעץ אַן אימפּעטפֿולע באַוועגונג. ס'קומען אַהער אַפֿילע אַזעלכע אַרבעטער, וואָס דירעקט האָבן זיי דאָ גיט צו טאָן. מע קומט און יעדער גיט אַן עפֿן די טיר פֿון סעקרעטאַרס צימער, מע כאַפּט אַ קוק אָפֿן פּוסטן שרייבטיש און מע דערקענט:

— יאַדוויגאַ איז נאָך ניט געווען?—וווּנדערט מען זיך.

אָבער וואַרטן אף איר קען מען ניט, די אַרבעט לאָזט ניט. איז אויפֿגעלעבט די גרעסטע הויז פֿון שטאָט, די הויז, ווו ס'האָבן זיך באַקוועם געמאַכט אַלע געוועזענע פֿאַרכאָסמעטע פֿאַריינען, ווו ס'האָבן זיך געשאַפֿן אַזעלכע נייע אַנשטאַלטן, וואָס האָבן געהייסן „אָפּטייל פֿון אַרבעט" און אַנדערע. און אָפֿן העכסטן, גאָר לעצטן עטאַזש, האָט זיך ברייט צעלייגט דער ראַט פֿון אַלע פֿאַריינען. איז פֿון גאַנץ פֿרי, אין אַלע פֿאַריין-צימערן, אין אלע אָפּטיילונגען און סוב. אָפּטיילונגען פֿול מיט אַרבעטער. פֿול אף די טרעפּ און פֿול אין די קאָרידאָרן. הערט זיך טאַקע אַן אומופֿהערלעכע גערייד־דעריי און לויפֿעריי.

מער ניט דער אַלטער בונדאָוועק, מיט זיינע צוויי פּאָר ברילן, איז איצט שטאַרק אַריינגעטאָן אין זיין אַרבעט. איינס נאָכן אַנדערן גרייט ער פֿאַר יאַדוויגען מאַטעריאַלן אַף א לעצטער אונטערשריפֿט. האַגאַם ער איז דער געהילף-פֿאָרזיצער פֿון פֿאַריינען־ראַט, דאָך וויל ער אָן איר, דער פֿאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַרן, גאָרניט טאָן. און טאָן האָט ער אַסאַך: פֿון אלע גרויסע הייזער, ווו ס'האָבן זיך צעלייגט, קענטיק אף ברייט וואַקסן, פֿאַרשיידענע אַיינריכטונגען, פֿון אלע די ערטער האָבן זיך געצויגן אַהער טעלעפֿאָנען-דראָטן, וואָס האָבן אלע ווײַלע געקלונגען און אויסגעהויכט פֿאָדערונגען און ביטעס נאָך מענטשן. מענטשן פּאַשעט אף אַרבעט און מענטשן אַף אָנפֿירן: מערקט ער אַזעלכע מענטשן גיך אָן, שרייבט פֿאַר זיי פּאַפּירלעך און פֿאַרגעסט דערביי ניט באַרויִקן די אַרבעטער, וואָס אַיילן זיך גיין עפֿענען די אַלטע פֿאַרכאַסמעטע פֿאַריין-דירעס.

30

ס'איז געווען אַ פּאָר כאָדאָשים זינט מע האָט די אלטע פֿאַריינען פֿאַרכאַסמעט. דוכט זיך אזאַ קורצע צייט, און אַזויפֿיל שימל האָט שוין דאָ באַוויזן אנוואַקסן. זיינען אַלע געשטאַנען אַרום יאַדוויגן און ווי געמאָגט:

— דאָ זיינען די פֿאַריינען געווען? אין דער לאָך פֿלעגט מען זיך אופֿקלייבן? אַ קייווער איז דאָך שענער!...

האָט יאַדוויגא גאָרנִיט געענטפֿערט, ווייל אייגנטלעך האָבן זיי איר גאָרנִיט געפֿרעגט. זיי האָבן איר נאָר אויסגעדריקט זייער פֿאַרוווּנדערונג. איז זי נאר געשטאנען צווישן אַלעמען און געוואָלט, אַז דער טאָג זאָל זיך ציִען און ציִען... זי האָט נאָך אַלץ געדענקט דעם פֿרימארגן, און זעליקס פֿראַגע איז איר ווייטער פלוצלונג אויסגעוואקסן פֿאַר די אויגן, ווי אַ דראָונג... זי האָט דערפֿילט עטוואָס אַ שוואכקייט אין די פֿיס, און אין מויעך האָט עטוואָס אַ ברען געטאָן.

נאָך אַ פֿאָר וואָכן, און זי וועט שוין דערפֿילן אין זיך אַ לעבעדיק קינד... איז וואָס האָט געקענט באדייטן זעליקס בריִענדיקע פֿראַגע?

31

אין אלע אָפּטיילונגען און סובאָפּטיילונגען פֿון רעווקאָם זיינען פֿאַר דער צייט א היפּש ביסל פּאַפּירלעך אָנגעקומען. ס'איז ניט פֿאַרבליבן קיין איין גרעסערער קרעמער, וואָס זאָל ניט אָנגעבן אן אנקלאגע אף זעליקן פֿאַר זיינע ניט געזעצלעכע מאַיסים.

א שטאָט קרעמער האָט געהאָט א גערעכטע, אַ געזעצלעכע טאַינע:

— מיילע, סאָלדאַטסקע געוואַנט, פּראָסטע יוכט, אסאָך-אַן עק, ווי זאָגן זיי: די ארמיי איז נאַקעט... אָבער מע האָט דאָך אַלץ פֿאַרכאָכסמעט און איבערגעלאָזן אין האַנט נאָר די עטלעכע שליסלען... איז צו וואָס איז געווען א דעקרעט. אז מע וועט נעמען נאָר מיליטערישע? אַף כייזעק מאַכן פון א שטאָט?...

זיינען א שטאָט קרעמער געווען אופגעבראַכט.

ניט זיכער, ווי זיי וואָלטן איבער א שטאַרק צושפאלטענעם אייז געגאַנגען, האָבן זיי זיך פּאָמעלעך געשטויסן אין די פֿאַרשיידענע אָפּטיילונגען און סובאָפּטיילונגען פֿון רעווקאָם, און געמאָנט, און געפֿאָדערט:

— ס'טייטש, טייערינקע כאַווייריםלעך, אין דעקרעט איז דאָך גאָר אַנדערש געשטאַנען...

נאָר קיינער פֿון די מיטאַרבעטער פֿון רעווקאָם האָט ניט געהאַט וואָס צו ענטפֿערן זיי אַף דעם. צו זיי איז נאָר דערגאַנגען, ווי א סאָד, אז זעליק האָט עפּעס ניט פֿאַרשטאַנען, אַז ער האָט עפּעס צופלאָנטערט אַ באַשלוס פֿון רעווקאָם. האָבן זיי געשוויגן.

טען זיינען געשטאַנען גרויע, פֿאַרוואָלקנטע און נאַסע, אין די אַרמעישע טיילן, אָט די, וואָס איילן אלע ווילע דורך די שטאָט, אַף אהין, צום פֿראָנט, די אלע טיילן גייען נאָך גאַנץ זומערדיק אָנגעטאָן און אנדערע נאָך עטוואָס ווייניקער ווי זומערדיק, פּאָשעט—באָרוועס... האָט דאָס נאָך מער פֿאַרגרעסערט די שווייגעניש פֿון רעווקאָם-מיטאַרבעטער, נאָר דער פֿאָרזיצער האָט זיך פֿון דעם ניט פֿאַרלאָרן. ער האָט צונויפֿגענומען אַסאַך פּאַפּירן, און צווישן זיי—אַ צענדליק קרעמערשע פּאַפּירן, האָט זיך ברייט און פֿעסט געזעצט אין טיפֿן רעקווִיזירטן שטול. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט זיך געפֿילט אין דעם גרויסן ווייכן שטול, ווי אין אַן אַלט איינגעזעסענעם אָרט, איז ער ברייטלעך געזעסן און ערנסט גערעט צו זעליקן:

— איבערגעזאַלצן, כאַווער, איבערגעזאַלצן!...

איז זעליק ווי צומישט געוואָרן פֿון דער אומדערוואַרטער, מוסערדיקער באַמערקונג. ער האָט אַפֿילע ניט פֿאַרשטאַנען וועגן וואָס דאָ גייט, האָט ער געפֿרעגט צוריקגעהאַלטן און זיכער:

— וואָס איז?

מיט אַ טאָן פֿון ווארענונג. האָט אים דער פֿאָרזיצער פֿון רעווקאָם, כ' סמירנאָוו, אָט דער געוועזענער וואנדערנדיקער עס-ער ווייטער געמוסערט:

— אזוי כאַווער טוט מען ניט... ס'איז געזאָגט געווען אין דער באַשטימונג: מאַנופֿאַקטור און לעדער, וואָס קען גיין פֿאַר דער ארמיי, און איר האָט גענומען אַלץ, וואָס האָט זיך געמאַכט... אזוי טויג ניט, כאַווער!...

איז וואָס זאָל ער אים ענטפֿערן אַף דעם, אז גראָד אין דעם מאָמענט האָט זיך ניט געפֿונען אין אים אַזאַ איינציקער, אויסשעפּנדיקער וואָרט אַף דעם מוסער זאָגן, איז אנשטאָט אַן איינציקן וואָרט, זיינען אין אים אופֿגעשווומען אַסאַך, אַסאַך ווערטער-טאַינעס. האָט ער איין סעקונדע געשוויגן. נאָר זעליקס גרויסע שוואַרצע אויגן, האָבן זיך, ווי קעגן זיין ווילן, ברייט געעפֿנט, אנגעשטרענגט געקוקט און באַלויכטן דעם פֿאָרזיצער מיט זייער גלאַנציקייט אזוי, אַז דער זיכערער, פֿעסטער פֿאָרזיצער, אין ברייטן קאָנפֿיסקירטן שטול, האָט זיך אביסל פֿאַרלאָרן.

זעליק האָט זיך צוגערוקט נעענטער, אַ ווילע געשוויגן און ערשט שפּעטער גערעט און ווי געוואָרגן זיך מיט די אייגענע רייד:

— וואָס באַשטימונג, אַז יעדערער, אַפֿילע דער, וואָס האָט אַליין ניט געאַרבעט, נאָר געזען ווי מע אַרבעט,—האָט זעליק ווי געכויזעקט,—וייס, סכוירע אַליין קען מען ניט אָנטאָן, אַז קעדיי צו מאַכן פֿון דעם אַ היטל, א שוך און בעגעד, זיינען נויטיק צענדליקער אַנדערע זאַכן.

אַזוי לאַנג און אויספֿירלעך איז געווען זעליקס דערקלערונג, אַז געדוכט האָט, זעליק האָט האַנאָע פֿון דער לאַנגקייט און אויספֿירלעפֿקייט פֿון זיינע רייד. איצט האָט זיך דער פֿאָרזיצער אַביסל באַרויִקט. האָט ער נאָכגעשפּירט יעדער באַוועגונג זעליקס און בייזערנדיק זיך געזאָגט:

— צו וואָס, טייערער, כאַווער, צו וואָס, אז די אלע איבעריקע זאַכן, וועגן וועלכע איר רעט, און זאָרגט זיך אזוי שטאַרק זיינען פֿאַראַן אין מאָסקווע גענוג. מיר דאַרפֿן נאָר סכוירע שיקן... אַלץ דאָס איבעריקע,—זייט רויִק!...

האָט זיך זעליק צוגערוקט שוין גאַנץ נאָענט, און גערעט מיט אַ טאָן, ווי מע פֿרעגט און דערגייט וואָס בא א פֿאַרזינדיקט קינד:

— איר מיינט שיקן די סכוירע אין מאָסקווע אף דאָרט אויסאַרבעטן?

— וואָס דען, מיר וועלן זיך נעמען אָרגאַניזירן פֿאַבריקן איצט, אַז דאָרט זיינען פֿאַראַן איינגעאָרדנטע, אַז דער ווינטער

איז אפן נאז, און די ארמיי איז נאקעט, וואס איז מיט אייך, כאווער?!..

זעליקן האט געדוכט, אז ער באשפריצט אים מיט פרעמדע, עקלדיקע ווערטער, וואס זיינען נאר אויסערלעך באפוצט מיט „ארמיי", „נאקעט" און אנדערע, האט ער שוין גערעט ביקלאל.

— איז דאס א ניטפארשטיין,—האט ער ווי פארשנדיק געפרעגט,—אדער א באוווסטזיניקער טריט, שוין פון ערשטן מאמענט אונטעררייסן די ראטנמאכט?!...

זיי זיינען געשטאנען איינער קעגן אנדערן שוין ניט ווי כאווירים פון איין פארטיי, נאר ווי סאנים, גרייט ווארפן זיך איינער אפן אנדערן.

ווייטער ריידן אזוי, צווישן זיך, אין באזונדערן, אפגעשלאסענעם קאבינעט, איז שוין געווען איבעריק. האט דער פארזיצער אופגערעגט צונויפגעשארט אלץ, וואס איז געווען בא אים אפן שרייבטיש, און זיך און זעליקן בארויקט מיט א ווארנונג:

— א לעצטע ווארט וועגן דעם, וועט זאגן די פארטיי...

— — — — — — — — —

ער האט געווארט אף דער זיצונג, און זיך ניט דערווארט. קיין איינער, אויסער אים, איז ניט געקומען. האט אים געגעסן א געדאנק—א פארדאכט:

מיינט ניט דער פארזיצער ארשפרייסן די זיצונג?

האט ער כאראטע, וואס ער האט דעם איניען איבערגעגעבן אין פארטיי-דריילינג?

וועט ער זיך באנוצן מיט עפעס א באפעל פוניבן, קעדיי ארויספירן אלע קאנפיסקירטע סכוירע, און איבערלאזן א געגנט ארבעטער אן ארבעט?

ער האט זיך געווארפן פון איין טעלעפאן-אפאראט צום צווייטן, און צו קיינעם ניט געקענט דערקלינגען. האט אים ווייטער א וואגעם געטאן סמירנאווס פארשלאג ארויסצופירן די סכוירע און ער האט א שלידער געטאן די טרייבל:

— דאס איז דאך א קאנטר-רעוואלוציאנערער אקט!...

נאר איצט איז שוין געווען שפעט נאך האלבן טאג. אלע טירן, זיינען איצט אן אופהער געווען אפן, און מענטשן האבן געשטראמט פון דער ארבעט.

בלויז דער פארוואלטער פונם אלגעמיינעם אפטייל, אף וועמען ס'איז געלעגן די גאנצע שווערקייט פון אנפירן מיט דער טעכנישער, פראקטישער ארבעט, דער, וואס האט יעדן טאג געהאט אסאך-אסאך באשלוסן צו פארווירקלעכן. ער איינער האט זיך געפילט איצט ניט באקוועם. אלע צימערן זיינען שוין לאנג געווען אפגעליידיקט און אים איז שוין פארבליבן נאר א קלייניקייט—פארשליסן דעם לעצטן צימער און איבערגעבן דעם פעקל שליסלען דעם מיליציאנער און וועכטער.

דרייט זיך אבער נאך אלץ ארום זעליק, וואס זעט אויס, מיט זיין שטענדיקער ערנסטקייט, ווי א שטיק ווארענונג. גיט ער זיך א כאפ פארן קאפ, ער האט זיך דערמאנט:

— כאווער לויטער, איר גייט אהיים, איר וועט עפשער מיטנעמען דאס צעטעלע פאר יאדוויגע?

— ביטע. וואס עפעס א געעפנטער?

געוואלט האט ער מיט אים, דעם אונטערערדישן טוער און מיטגליד פון פארטיי-דריילינג, זיין פארזיכטיק. אפילע קיין איבעריק ווארט ניט ריידן, און ארייגעפאלן איז ער אין אזא ניט באקוועמקייט. ער געפינט אבער אן אויסוועג. באוועגט די הענט, קאפ און, דוכט זיך, אלע אייוורים, ווי ער וואלט מיט דעם געוואלט אויסדריקן די גאנצע געשפאנטע באוועגונג פון דער ארבעט אין הויז און פארענטפערט זיך:

— דא איז אזוי פיל פאפירן, בריוו, זאכן, אז מען קען פארטומלט ווערן...

און טאקע טייקעף רינגלט ער ארום זעליקן מיט פלינקע באוועגונג און שרייבט, און דערמאנט ווייטער:

— איר גייט כ. לויטער?

אז אלע צימערן זיינען שוין געווען פארשלאסן און אין די לאנגע, פוסטע קארידארן זיינען געזעסן, שוין עטוואס אופגעדרייט, א וועכטער און מיליציאנער, האט דער פארוואלטער נאך אלץ געטראכט וועגן דער מאדנעקייט פון כאווער לויטער. און פון דעם גאנצן טראכטן זיינעם האט ער טיף אין זיך, ווי אפגעלייגט און פארבאהאלטן, א סאד—א געדאנק:

— אט דאס איז א באלשעוויק!...

— — — — — — — — —

ווי גליענדיקע פונקען, האבן אים אין מויעך געברענט די איינציקע, צונאסענע שורעס פון קלימאוויטשעס בריוול. די פיס האבן זיך אים געפלאנטערט, און דאס הארץ האט זיך מיט עפעס און אן אופהער געבריט, וואלט ער וויינען געקענט, וואלט ער צוגעפאלן צום ערשטן געטראפענעם מויער און אפגעבריט אים מיט זודיקע טרערן און פארגאלט מיט דער ביטערקייט, וואס האט אים פארפולט. ס'האט אים געדוכט, גלייך ווי אן אייזערנער רייף, האט אים ארומגענומען און פארשטשעמעט. א פאראט, א פאראט, וואס מע זעט נאך ניט קלאר, נאר מע פילט אים. ער פילט דאס אין דער איינגעשפארטקייט, מיט וועלכער דער פארזיצער פון רעווקאם וויל ארויספירן א לעצט ביסל סכוירע פון שטאט, און לאזן א געגנט ארבעטער אן ארבעט, און נאך מער נאך שטארקער, פילט ער דאס אין יעדן ווארט פון קלימאוויטשעס בריוו. יעדער צווייקטער, צונאסענער ווארט פונם בריוול, האט געדוכט, מאכט כויזעק פון אים. איז ער צוגעפאלן צו יאדוויגן ווי א ווילדער הונט, געריסן, געביסן, און געשטויסן איר דעם בריוועלע אין פאנים און געשריען ניט מיט זיין קאל:

— זעסט. זעסט?!...—האט ער איר געשפארט דאס צעטעלע אין פאנים.

באלד איז ער געווארן מיד און אפהענטיק. ווייל ניט דאס האט ער געמיינט איר זאגן און טאן, געוואלט האט זיך אים צופיצלען און צושטרייען איר אין הארבסטיקער צייט. צושטרייען אלץ, וואס ער האט מיט אזוי פיל מי געשאפן...

האט זי אבער אונטערגעשטעלט איר פאנים און קינדישן גופ און אנטשלאסן גערעט:

— רייס, צופ, טו וואס דו ווילסט... אלץ איינס שוין...

האָט ער איר אַ שלײדער געטאָן פֿון זיך מיט האַנט און מיט ווערטער:

— נישטיקייט, וועמענס קינד טראָגסטו אונטער דיין האַרץ!...

— דיינעם, דיי...—האָט זי שוין ניט געקענט דערריידן.

זי איז געפֿאַלן אַף אים און געבריט אים מיט טרערן.

האָט ער איר ווייטער געשטאָפּט און ווי געוואָלט דערווערגן מיטן בריוועלע:

— זע, זע, וואָס ער שרייבט דיר!..

פלוצלונג האָט זי זיך מיט אימפּעט אויפֿגעשטעלט, אָנגעטאָן אַזאַ שוואַרצע, טוכענע היטעלע און פעסט גענומען די הענטל פֿון טיר:

— נישקאָשע, עס וועט דיר אונטערזאָגן וועמענס קינד איך טראָג!...—האָבן זיך איר די ווערטער געטונקט אין טרערן.

יאדוויגעס דרייסטע, פֿעסטע וואָרענונג האָט זיך איינגעשניטן אין זיין לייב און א ווײלע געהאַלטן אים אין געשפּאַנטקייט.

דער צימער איז אָבער געווען פוסט.

ער האָט איצט געזען יאַדוויגעס קינדערשן פּאָנים און די נאָך מער קינדערשע היטעלע. איצט האָט ער אזוי גוט באמערקט די היטעלע. איצט האָט זי אים אויסגעוויזן אזוי ניי, נאָענט און ליב...

— יאַדוויגע!

— — — — — — — — — —

ס'האָט אויסגעזען אומגלויבלעך. נאָך גאָרניט לאנג איז א געגנט געלעגן אויפגעקאָרטשעט אין אָקופּאַנטישן הויפֿן, און פאר גאָר ווייניק טעג און וואָכן האָט אלץ מיט אימפעט אויפגעלעבט, אומעטום איז פֿול געוואָרן מיט לעבן און באוועגונג. נאָר איין זאך איז ניטאָ, ווי ניט געווען—ארבעט. ס'האָט געדוכט ווי ער־געצווו וואָלט גאָר צופעליק א שרייפּעלע זיך אויסגעטאָן פֿון יענער מעכטיקער מאשין, וואָס הייסט איבערקערעניש און רע־וואָלוציע. איין שרייפעלע האָט זיך צופעליק אויסגעטאָן און איצט דרייט זיך אַ מאַשין מיט גרויסער קראַפּט, נאָר אין דעם אָרט, ווו דאָס שרייפעלע האָט זיך אַרויסגערוקט, איז פוסט, פעלט א ווירקנ־דיקער גליד...

— האָבן זיך אַרבעטער ווייטער געקלעפּט אָן זעליקן, און געמאָנט אן אייניינציקע זאַך:

— אַרבעט.

— גיט אַרבעט!...

נאָך קיין אַרבעט איז נאָך אַלץ ניט געווען. דער פֿארזיצער האָט שוין אפילע פֿאַרטרויט א סאָד, אַז ער האָט אַ באַפעל אָפּ־שיקן די קאָנפֿיסקירטע סכוירעס. דוכט זיך א סאד, און דאָך זיי־נען פענימער פֿון אַרבעטער און באלמעלאָכעס געוואָרן טונקעלער און אומרויִק, מע האָט שטיל געברומט:

— איז דאָס עמעס?

— קען טאַקע טרעפֿן מע זאָל ארויספֿירן די סכוירע?

אזוי האָבן ארבעטער און באלמעלאָכעס שטיל געברומט. גע־הערט און געוווסט פֿון דעם האבן אלע, און מער פֿון אלעמען—דער פאַרטיי־דרײלינג.

נאר איצט האט שוין געהאלטן די זיצונג באם סאמע סאָף. עס איז שוין קימאט אַלץ געווען ווי באשלאסן, אבער ביידע, זעליק און סמירנאוו, האבן נאך געהאלטן אין ריידן. זיי האבן געוווסט, אז זייער ריידן וועט שוין גארניט ענדערן, קיינעם ניט איבער־צייגן, מע האט גערעט פאשעט צוליב דעם, ווייל מע האט שווייגן ניט געקענט.

— אין אַזאַ מאָמענט לאָזן אַן אַרמיי אַן איבעריקן טאָג אָן באַקליידונג, קעדיי אַף אַן אָרט בויען פֿאַבריקן, הייסט, ווייך גע־רעט, צעכיזם,—האָט פֿאַרענדיקט דער פֿאָרזיצער פֿון רעווקאָם.

— אויב דאָס איז צעכיזם, איז דאָס; וואָס איר לייגט פֿאָר אַן אַלטער מעטאָד פֿון אַלע אָקופּאַנטישע אַרמייען. איר ווייסט וואָס דאָס איז,—האָט זעליק אָנגעשטעלט אַף אים אַ שאַרפֿן בליק,—דאָס איז ברעכן די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע דורך אַר־בעטלאָזיקייט און הונגער.

גאָר פלוצלונג האָט זייער איבעררייד, וואָס האָט אויסגעזען גאָרניט אַזוי וויכטיק, אופֿגעדעקט און באַלויכטן אַ ניטבאַ־מערקטן טהאָם, וואָס האָט זיך ווי אויסבאַהאַלטן צווישן די צוויי מיטגלידער פֿון איין פּאַרטיי־קאָמיטעט. דער סעקרעטאַר פֿון פּאַר־טיי־דרײלינג האָט דעריבער גיך אָנגעדריקט דעם טיש־גלעקל, און ווי שטענדיק, געפֿרעגט, וועלכע פֿאָרשלאָגן זיינען פֿאַראַן. ס'האָט אָבער געדוכט, אַז ער האָט געפֿרעגט פֿון יויצע וועגן, ווייל פונקט אין זעלבן מאָמענט האָט ער געקוקט אַנטקעגן זיך, אַהין צום טעכנישן סעקרעטאַר, וועלכער האָט פונקטנווייז פֿאַרשריבן זיין פֿאָרשלאַג:

1) פֿאָרלייגן דעם כאַווער סמירנאָוו, אַף דער נאָענטסטער זי־צונג פֿון רעווקאָם איבערקוקן דעם באַשלוס אַרויסצופֿירן די קאָנ־פֿיסקירטע סכוירע.

2) בעטן דעם צ. ק. ר. ק. פ. סאַנקציאָנירן דעם פונקט פֿון פראָטאָקאָל, ווי אַן אויסעראָרדנטלעכע באַשטימונג פֿון פאַרטיי־דריי־לינג.

3) טייקעף צוטרעטן שאפֿן אַרבעט פֿאַר אַרבעטלאָזע, און אין דער ערשטער ריי, אויסאַרבעטן די קאָנפֿיסקירטע סכוירע פֿאַר דער אַרמיי און פֿאַר אַרבעטער.

דער פראָטאָקאָל פֿון דער זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַן אונטערגעשטראָכענער שורעלע: „שטרענג געהיים" און דערפֿאַר האָבן פֿון אים געוווסט נאָר איינציקע. געפֿילט אָבער די באַשטי־מונג האָבן אַלע. מאַכנעס אַרבעטער, וואָס האָבן פֿריער מיט בענ־קענדיקן אומגעדולד ארויסגעקוקט נאָך אַרבעט, האָבן באקומען ווו צוצולייגן זייערע אַרבעטלוסטיקע הענט. פֿרימאָרגנדיקע און פֿאַרנאַכטיקע גאַסן זיינען געדיכט אָנגעפֿילט געוואָרן מיט מענטשן, אָבער דאָס מאָל, שוין ניט מיט פּאָנעם און געזאַנג, נאָר מיט אופֿגעברויזטן, פריידיקן ווילן צו אַרבעט.

— אונדזערע נעמט!...

מאַכנעס אַרבעטער און באַלמעלאָכעס האָבן מיט קאָנצענ־טרירטער אופֿמערקזאַמקייט אַרומגערינגלט פֿאַרכאַסמעטע מאַגאַזי־נען און סקלאַדן, און פֿורן איינע נאָך די אַנדערע, איינע אָנגעפּאַקטער פֿאַר דער צווייטער, האָבן זיך געצויגן נאָענט צום

אַרבעט-פּאַלאַץ, אַהין, ווו אַרבעטער האָבן פֿאַרלייגט אַ נייע פֿאַבּ-ריק. אין יענעם אינדערפֿרי, ווען אַ שטאָט איז אויפֿגעוועקט גע-וואָרן פֿון גאָר אַ נייען פֿייף, וואָס האָט אָנגעזאָגט אַ צייט פֿון וואַכזיין און אַרבעט, האָבן מענטשן פֿון אַלע גאַסן, פֿון אַלע פֿאַר-וואָרפֿענע ווינקלען געשטראָמט צום אַרבעט-פּאַלאַץ, אַזוי זיכער און פֿריידיק אויפֿגעלייגט, ווי זיי וואָלטן זיך געקליבן צו אַ לעגענ-דאַרן יאָנטעוו...

איז נאָך איצט, ווען אַלץ האָט זיך אויפֿגעבונדן, צעוויקלט און געשטראָמט אין דער ריכטונג פֿון אַרבעט-פּאַלאַץ, איז נאָך זעליק פֿאַרבליבן פֿאַרזיכטיק אָנגעשטרענגט. אין אים האָט נאָך געלעבט אַ פֿאַרדאַכט, אַן אָפּקלאַנג פֿון געשפּרעך צווישן אים און געווע-זענעם וואַנדערנדיקן ליִנקן עס-ער. איז פּונקט ער וואָלט געוואַכט ס׳זאָל ערגעצוו, ערגעץ אין וואָס ניט אַריינגאַנווענען זיך אינם אויפֿבּרויז עפּעס פֿאַרדעכטיקס, עפּעס פֿרעמדס, האָט ער איצט, נאָך מער ווי פֿריער, מיט געשפּאַנטער אויפֿמערקזאַמקייט אויפֿגע-נומען און איבערגעזייט טיף אין זיך דעם קלאַנג פֿון טריט, דעם קלאַנג פֿון מאַרשירנדיקע אַרבעטער-מאַכנעס צו אַרבעט און בויען...

י. פּעפּער.

# בוימער ווײנען.

פֿון סיבירער בלויע שנייען
יאַטן גייען, יאַטן גייען.
און ווי אַלטע, גוטע שכיינים
שטייען בוימער און זיי ווײנען:

„און די אינדזלען אין די ברעגן
„וועט מען מעסטן, וועט מען גלייכן
„און די קליאָנען און די דעמבּעס
„אַף די ברעגן פֿון די טייכן
„וועט מען האַקן, וועט מען שניידן
„וועט מען שניצן, וועט מען שינדן
„און די דעמבּעס וועלן קראַכן
„און די קליאָנען וועלן שרייען—
„וועט אַ דונער זיך צולאַכן
„און אַ בליץ וועט זיך צוברענען,
„און דער אלטער, אַלטער דניעפּר
„וועט אַליין זיך ניט דערקענען.

„נאָר די בלעטלעך וועלן וויאַנען,
„און די צווייגן וועלן ליגן,
„און די סטויפּעס וועט מען פֿירן
„אַף באַזונטע פֿרעמדע וועגן.

פֿון סיבירער בלויע שנייען
יאַטן גייען, יאַטן גייען.

כ. לאַסקער.

# מיט דער שער.

איך האָב געמיינט, אַז יעדער קלעם איז שווער,
באַ יעדן קלעם אַלציינס איז גרויס דער ווייטיק,
האָט מיר דערציילט אַ בלעך אין קלעם פֿון שער—
ס'איז גרינג דער קלעם, וואָס נוצלעך איז און נויטיק...

און ווען איך בין אין האַנט אַ נייע בלעך,
און שאַרפֿע שער נעמט שניידן מיך אף שטיקער...
איז יעדער שניט אַף גלאָט מיינעם אַ גלעט,
ווייל כ'ווייס: עס זיינען שער און האַנט געניטע...

און כאָטש איך ווער דורך שאַרפֿער שער געענדערט,
דאָך בלייב איך נוצלעכער און שענער,
אין וואָס מע זאָל מיך ניט פֿאַרווענדן,
צי אין אַ קענדל, צי אין אַן עמער".

איך האָב געמיינט, אַז יעדער קלעם איז שווער,
באַ יעדן קלעם אַלציינס איז גרויס דער ווייטיק,
האָט מיר דערציילט אַ בלעך אין קלעם פֿון שער—
ס'איז גרינג דער קלעם, וואָס נוצלעך איז און נויטיק.

O O O

מ. ליפּשיץ.

# ל י ד ע ר

. . .

ווען ס'צינדן אָן אינאָוונט זיך די פֿייערן,
און שטילער ווערט די ערד און גאַסן ווערן פּוסט,
און די לעוואָנע נעמט מיט כמאַרעס שייערן
איר אלטע ברוסט.

טרעפֿט פלוצלונג איך פֿאַרגעס מיין שטילע היים
און מיך פֿאַרהילן ווייטע אומרויִקע פֿריידן.
איך וויל דאַן גיין אַזוי און גיין און גיין,
ביז ס'וועט די ערד מיט מיר אַף אייביק זיך ניט שיידן.

און ס'ווערט די לאַסט אַף מיינע אַקסלען מיר ניט שווער,
און איך דערהער ווי שטימען קומען און פֿאַרגייען,
אָט הילכט א קאָל פֿונווייט, אַ דרייסטער קאָל,
דאָס זינגט גאמער זיין אדיסייע.

און ס'קלינגט אַף פלעצער ציצעראָן,
און מוקדאָן האָט אַף דער ערד זיין שווערד פֿאַרמאָסטן.
דער אוילעם גייט, דער אוילעם קומט אַף פלעצער אָן,
הארט און פֿראָסטיק.

און ס'פויקן אומרויִק די פייקלעך, שווערע טאַצן
פלאַצן אונטער הענט.
און כ'זע ווי אלעמען פֿאַרטונקלט און פֿאַרבלענדט
גאראַציע.

און כ'זע אין פֿייערן אין פֿלאַם און פֿלאַקער,
וויִגט דער וויִנט אַ פֿאָן און וויִגט.
דאָס רינגלען גלאַדיאַטאָרן אַרום ספּאַרטאַקן,
און מאָנען שלאַכט און גאָרן זיג.

און אָט בין איך באַם טיש און שרייב. פֿאַר מיינע אויגן שמייכלט לעגין
מיט אַ שפּאַס אַ גריִנגן אַף די ליפּן.
און כ'ווייס אַליין ווי שלאַכטן צינדן זיך און ברענען,
און איך אליין זינג איצטער לידער.

נאָר וויפֿל כ'זינג אַלץ ווילט זיך מערער זינגען,
און גרעסער ווערט מיין פֿרייד און הייסער ווערט מיין וויי,
לעגין הערט ניט אויף פֿון קרעמעל-ווענט צו ווינקען,
און ס'ליגט איליִטש אין מאַוזאָליי.

נאָך וויפֿל האָט זיך אָפּגעשטעלט ביז שיין אין שויבן
ביז טאָן וועט טאָג אַן ערשטן ווונק.
און איך,—איך גלויב. מיר האָבן טעג געשענקט אַ צווייגל וויינטרויבן,
אז אייביק זאל מיין האַרץ פֿאַרבלייבן יונג.

## ז. אקסעלראָד.

יוגנט מיינע, יוגנט, ווילדער בריק,
קען איך ניט פֿאַרויסגיין, לאָז איך זיך צוריק...

פֿייערן, לאַמטערנס שפּילן מיר דאָ צו,
פֿייערן, לאַמטערנס פֿירן ערגעצוווּ...

און סע שפּילט פֿונוויַיטן, און סע הויבט און טראָגט,
אַזאַ ווייסער אָוונט נאָך אַ גרויען טאָג...

פֿאַלן קלאַנגען ווי ווינטערדיקע שטערן,
קלאַנגען ליכטיקע און אַלע, אַלע הערן...

נאָר אַליין דער שפּילער איז שוין טויב אַצינד,
נאָר אַליין דער שפּילער אַ פֿאַרלאָרן קינד...

קיינער שפּילט ניט, גאָרניט קומט ניט פֿאָר,
ס'איז אַ מענטש געשטאָרבן, איז שוין הונדערט יאָר...

בעטן זיך אַפֿישן און אַפֿישן שרייען,
פֿון געהער פֿון טויבן מוז מען אים באַפֿרייען...

און ס'איז שטיל אַזוי, און ס'איז ווייס אַזוי,
אין מיטן מאַרט זיך שיט אַ נאַסער שניי...

* * *

נאָר שויבן לייכטן זיך אין שענקען אַלע,
און שטולן הויבן זיך און גלעזער פֿאַלן...

און מע זשליאָקעט איין, און ס'גיסט זיך שוים פֿון ביר,
און ס'ריפּעט הייזעריק אַ שטומפּיקער קלאַוויר...

בעטהאָווענען, בעטהאָווענען, בעטהאָווענען—דערלאַנג!
דעם רויטן ווייַן אַהערצו, זיין ראַשיקן געזאַנג...

פֿייערן, לאַמטערנס, טווערסקאַיאַ גייט אַ טאַנץ,
און אָט איז שוין דער קרעמל און אָט איז רויטער פּלאַץ...

שלאָגט דער זייגער איינס, און ס'שלאָגט דער זייגער צוויי,
אין מיטן מאַרט זיך שיט א נאַסער שניי...

און ס'גייט די שפּיל אָפּסניי, און עס גייט די שפּיל שוין ווידער,
שריי איך אינדערהויך און הער ניט מיינע לידער...

יוגנט מיינע, יוגנט, ווער שטאַרקער און געזינטער,
ווער ס'קען ניט אַריבער, יענער מוז אַרונטער...

יוגנט מיינע, יוגנט, ווילדער בריק,
קען איך ניט פֿאַרויסגיין און כ'וויל ניט גיין צוריק...

מאַרט, 1927.

* * *

איך האָב קיינמאָל ניט געריוכערט,
זע, איך האַלט א פּאַפּיראָס!
ווי ס'פֿאַרגייט דאָס בלויע רויכל,
פֿאַרגייט מיין יינגלשער פֿאַרדראָס...

איך זיך דאָ און זי אָט דאָרטן,
גוט אַזוי, געוויס!
אַלץ איז דאָך אַ שפּיל אין קאָרטן
בא אַ קיילעכיקן טיש.

קלייב איך אויס די דאַמע אייכל,
זי—דעם אונטער פּיק.
און זי לאַכט שוין און זי שמייכלט:
נעם אַרום, נאָר ניט דערשטיק!

מיש איך אַלע קאָרטן איבער,
וואַרף פֿון טיש אַראָפּ.
לאַכט זי: יינגעלע מיין ליבער,
אַ געזונט אין קאָפּ!

נ. גאָרדאָן.

# אַ נאַציאָנאַליזירט הויז.

1

די נאַציאָנאַליזאַציע פֿון דאָוויד בלאָכס הויז איז פֿאָרגעקומען אַזוי, ווי מען האָט אלע הייזער אין יענע יאָרן נאַציאָנאַליזירט. איינמאָל איז אפֿן הויף אַרופֿגעקומען א פֿאַרשוין מיט אַ טרוקענעם דאַרן פּאָנים, אין אַ לעדערנעם רעקל, מיט אַ רעוואָלווער בא דער זייט און זיך נאָכגעפֿרעגט דעם באלעבאָס.

פֿון א ווינקל, פֿון נידעריקע טרעפ אַרויס, האָט זיך באוויזן דער שוימער פֿון הויף אין שווערע שטיוול מיט פּאָדקאָוועס, וואָס האָבן באַ יעדן טראָט געקלונגען איבערן ברוק, גלייך ווי מען וואָלט אָן אַייזערנע קייט געשלעפּט.

— ווער איז דאָ דער באַלעבאָס?

— דער שוימער האָט געגעבן אַ קראַץ די פּאטילניצע.

— ס'הייסט, כאווער נאַטשאַלניק. נאָך די סאָוועטסקע פּראַווילעס זיינען מיר אלע דאָ באַלעבאַטים.

— צו וועמען געהערט די הויז?

— צו וועמען? ס'אַ באַוווסטע זאַך, צו דאָוויד בלאָך. ער איז טאַקע דאָ באלעבאָס.

— און ווער זיינען די שכיינים?

— אַלערליי. אָט דאָ אין די פֿענצטער וואָינט מאָרדוך פּוטערקוכן, האַלט א לעדער-קראָם, איצט איז זי פֿארמאַכט. ווייטער אין יענעם אַריינגאַנג וואָינט שמול שאַפּיראָ, האָט אַ פֿאַבריק, איז ער צו די דייטשן אַוועק, און די פֿאַבריק איז פֿאַרמאכט. אַזוי, אַז אונדזערע שכיינים זיינען איינע און איינע סאָוועטסקע עלעמענטן.

— און ווער ביסטו אַליין?

— איך בין, אַזוי צו זאָגן, דער כאווער שוימער פֿון הויף.

— גוט, וועסטו מיר ווייזן, וווּ עס וואָינט דער באלעבאָס פֿון הויף.

באלד איז דער דאַרער פֿאַרשוין אין לעדערנעם רעקל געשטאַנען באַ פֿאַרשפּאַרטע גלעזערנע טירן, הינטער וועלכע עס האָט זיך געהערט אַ גערויש.

נאָך עטלעכע שטארקע קלעפּ האָט זיך די טיר געעפֿנט.

אין גרויסן צימער מיט די גרויסע ווייסע גאַרדינען האָט זיך פֿון שרעק אַלץ ווי צוזאמענגעקוועטשט, קלענער געוואָרן, און בלאָך אליין מיט אַ שטעכיק גראָ ניט געראזירט פּאָנים, קימאט אין איינע אונטערשטע וועש, האָט זיך טומלדיק צעפּלאָנטערט.

— וואָס הייסט אָפּליידיקן דירעס? וואָס פֿאַר אַ רעכט האָט מען דאָס, און ווּהין וועלן מיר זיך קלייבן? אף דער גאַס? און וואָס זיינען מיר שוין גאָר קיין מענטשן ניט?

— אין צוויי טעג צייט זאָל פֿון אייך און אַייערע שכיינים קיין זייכער דאָ ניט בלייבן—האָט קאלט געזאָגט דער מענטש אין דעם לעדערנעם רעקל און איז אַוועק.

פֿאַר די צוויי טעג, האָט דאָוויד בלאָך מיט זיינע שכיינים לאכלוטן גאָרניט געטאָן אַף אַרויסקלייבן זיך.

מע האָט געמאַכט אַסיפֿעס, גערעט, געאייצעט זיך, נאָר אינמיטן דעם קלערן און יישעוון זיך האָט אַן אָטריאַד מיליציע מיט רויטאַרמייער אַרומגערינגלט דעם הויף און עס האט זיך אָנגעהויבן דאָס ארויסזעצן.

און אין עטלעכע טעג אַרום איז צו דאָוויד בלאָכס הויף געוועןצוגעקלאפּט אַ פּירקאנטיק בלעכעלע מיט רויטע אויסיעס, ווו עס איז געווען אָנגעצייכנט: «Дом коммунальный» מיט אַזאַ און אַזאַ נומער.

2

אָט אַזוי איז דאָוויד בלאָך געוואָרן אויס באלעבאָס. אין דער ערשטער צייט איז ער געווען אינגאנצן אַ צוטומלטער, גאָר אָן כושים, אַרומגעגאַנגען ווי א טאַם, און די גאַנצע צייט קיין ברעקל עסן אין מויל ניט גענומען. נאָר ביסלעכווייז האָט ער גענומען קומען צו זיך. אין דער דירע, ווּהין ער האָט זיך איבערגעקליבן נאָך דער נאַציאָנאַליזאַציע, צו זיינעם א ווייטן קאָרעוו, פֿלעגן זיך אלע טאָג צוזאמענקומען אַלץ אַזוינע „געוועזענע".

גלייך פֿון פֿרימאָרגן פֿלעגט זיך ווי אַריינשפּאַרן איינער מאנדל, אַ שוואַרץ-באוואקסענער ייִדעמיט אַ שווערן, פֿעטן גוף. נאָך אים, אַ מאָרעשכוירעדיקער, גאַלאַנטעריי-קרעמער מיט אַ דאַרער, שפּיציקער נאָז און אַראָפּהענגענדיקער אונטערשטער ליפּ. שפּעטער, א קורץ מענטשל מיט אַ דאַרער, לאגגער האַלדז.

דער אוילעם פֿלעגט זיך באלד צוזעצן אַרום טיש, און עס פֿלעגט זיך אָנהויבן אַ שמועס וועגן אלע געשעענישן, דערהויפּט וועגן די אייגענע רעקוויזירטע און נאַציאָנאליזירטע געשעפֿטן און הייזער.

ריידן פֿלעגט אלע מאָל מאַנדל, באַ וועמען מען האָט צוגענומען אַ גרויסן סקלאד מיט מאַנופֿאקטור-סכוירעס. די גאַנצע מעבל רעקוויזירט, נאָר גאָרניט. געווען איז ער פֿול ביטאָכן, אַז אַ האָר וועט ניט גיין לעיבעד.

— נישקאָשע, פֿלעגט ער שרייען מיט אַ גראָבער באַס-שטימע, נישקאָשע, פֿאַר אלץ וועט מען מיר באַצאָלן.

— ווע׳, רעכנט איר, זאָל אייך באַצאָלן, פּאניע מאנדל?— פֿלעגט אימעצער ניט גאָר זיכער אַ פֿרעג טאָן.

— וואָס עפּעס מיר, פֿלעגט זיך מאנדל היצן, אַלעמען וועט מען באַצאָלן, ביז אַ קאָפּיקע וועט מען באַצאָלן! איר מיינט טאַקע

אַ וועלט שלאָפֿט? און ענגלאַנד וועט שווייגן? און אַמעריקע וועט דאָס דער לאָזן, מען האָט דאָך כאָרעוו געמאַכט אַ וועלט!

בלאָך פֿלעגט ארומגיין איבערן שטוב אַ שווייגנדיקער און אין אים איז געוואַקסן אַ זיכערקייט, אַז די גאַנצע איבערקערעניש איז מער ניט ווי אַף אַ ווײַלע. האָט ער זיך טאַקע איינמאָל אין אַ פֿרימאָרגן אופֿגעכאַפּט, אײַנגעוואַשן זיך מיט דעם זעלבן כיישעק, וואָס פֿריִער, געמאַכט אַליין דעם סאַמאָוואַר, אָפּגעטרונקען טיי און גענומען זוכן זיין שטעקן מיט דער ווייסער הענטל.

— אַף וואָס דאַרפֿסטו דעם שטעקן? האָט די ווייב ארויסגעשטעקט אַ גראָ קאָפּ פֿון אונטער דער קאָלדרע?

— וואָס הייסט אַף וואָס דאַרף איך דעם שטעקן? מען דאַרף ארויסגיין אין גאַס.

— וואָס איז דאָ צו טאָן איצטער אין גאַס?

— וואָס עפּעס אין גאַס? האָט בלאָך קימאָט בייז אַרויסגערעט. מען דאַרף אַ קוק טאָן, וואָס הערט זיך מיטן הויף?

פֿון אונטערן קאָלדרע האָט מען אָפּגעזיפֿצט:

— עך, זאָל דאָס פֿון זיי ווערן, וואָס זיי האָבן פֿון אונדז געמאַכט.

— ד'איגע ניט, האָט בלאָך טאַקיף געקלאַפּט מיטן שטעקן. דאיגע ניט, בלאָך וועט בלייבן בלאָך.

3.

בלאָכס מויער האָט זיך גערעכנט פֿאַר איינעם פֿון די שענסטע אין שטאָט. געבויט האָט אים אַ פּוילישער פּאָרעץ. אַראָפּגעבראַכט אַן אַרכיטעקטאָר אַזש פֿון אויסלאַנד. נאָר באַם סאַמע ענדיקן האָט דער פּאָרעץ פֿאַרשפּילט אַ גרויסע סומע געלט אין קאָרטן און געמוזט אים פֿאַרקויפֿן. בלאָך אַליין האָט געהאַט אַ ווילדע טשוקע צו מויערן. פֿון קיין קראָמען האָט ער ניט געהאַלטן: אַלע ווײַלע איז עס אַן אייסעק מיט די פּרייזן. אַ מויער אָבער איז אַ פֿונדאַמענטאַלע זאַך. שטיין בלייבט שטיין. פֿון דעם נייעם מויער, וואָס האָט זיך גענומען בויען, האָט ער גלייך געכאַפּט היספּאַילעס. אָט דאָס הייסט בויען מיט דער פֿולער האַנט. און טאָג אַף טאָג פֿלעגט ער מוזן קומען זען, ווי אַזוי די הענט הויבן זיך אַלץ העכער און העכער, ווי דער פֿאַסאַד ווערט מיט אַ וואָלקן קאָליר באַדעקט, אַרומגעוואַקסן מיט בייכיקע באַלקאָנען, אונטערגעהאַלטענע פֿון ברייסטיקע פֿיגורן. ווי דער אונטערשטער שטאָק האָט זיך צעעפֿנט מיט געשניצטע פּאַראַדנע טירן און ראַכוועסדיקע ברייטע פֿענצטער. בלאָך פֿלעגט געבן אייצעס די אַרבעטער, ארויסזאָגן זיינע האַשאָרעס. און מיטאַמאָל דערוויסט ער זיך, אַז דעם מויער האַלט מען באַם פֿאַרקויפֿן. בלאָך איז געשפּרונגען פֿאַר סימכע און אָפּגעזוכט אַ מעקלער, אַן ארייַנגייער צום פּאָרעץ. פּוילישע פּריצים האָבן אַפֿילע ניט געוואָלט, אַז דער מויער זאָל אַרייַנפֿאַלן אין ייִדישע הענט, קיין געלט אָבער האָט מען ניט געשטעקט, און בלאָך האָט גענומען אין באַנק געלט, באַ צווייַ דאָקטוירים פֿאַרויס דירע געלט און האָט דעם פּאָרעץ באַצאָלט וויפֿל ער האָט געבעטן. און איבערן שוואַרצן געפֿלאָכטענעם אײַזערנעם טויער, האַרט נעבן דעם פּאַראַדנעם אַרייַנגאַנג האָט זיך אַ שוואַרץ שילדל מיט גאָלדענע אותיות אויפֿגעשטעלט: „נומער אַכצן, הויז דאָוויד בלאָך". דאָוויד בלאָך איז געווען מוירעדיק צופֿרידן פֿון דער קניע און אַפֿילע פֿון דעם נומער. אַ מאַזלדיקער נומער האָט ער געהאַלטן אין איין טאַינען.

איצט איז דער מויער אויך געווען דערזעלבער, נאָר געהאַט דאָס אויסזען פֿון אַ גענעראַל באַ וועמען, מען האָט אַלע אָרדנס ארונטערגענומען. די גרויסע פֿענצטער האָבן הוילע אַף דער גאַס אַרויסגעקוקט, און איַנעווייניק האָט דער הויף, געהאַט דאָס אויסזען פֿון א מאַרק נאָך א יאַריד-טאָג. אומעטום קאַסטנס, פּאַפּיר, צובראָכענע פֿלעשער; ביכער פֿאַנאַנדערגעעפֿנטע בלעטערן זיך פֿון ווינט. אַ פּאָר הינט דרייען זיך אַרום און באַשמעקן אַלץ מיט אַרונטערגעלאָזענע ווײַדלעך. פֿון אַן אָפֿענעם פֿענצטער האָט מען וואַסער אַרויסגעגאָסן. אַף א באַלקאָן האָט מען וועש צעהאָנגען טריקענען. בלאָך איז געבליבן שטיין אין מיטן הויף, און דער פּאָנים באַ אים האָט זיך פֿון איַנעווייניקסטן ווייטיק געקרימט. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַן שטעקן און עס האָט זיך אים דערמאָנט ווי אַזוי ער פֿלעגט דאָס שטיין אַפֿן הויף נאָך גאָר מיט אַ קורצער צייט צוריק. דאַן, ווי נאָר ער פֿלעגט זיך ווייזן, פֿלעגט גלייך ארויסלויפֿן דער שוימער מיטן בעזים אין האַנט, און נאָך פֿונדערווייטן מיט אַ הוילער קאָפּ, פֿאַרבייגייענדיק אומישנע, נעמען ריַיניקן דעם ברוק. און בלאָך פֿלעגט עס שטיין מיט אַ פֿאַרוקטן האַרטן קאַפּעליוש און פֿון כשיוועסקייט וועגן אַרויסציען די אונטערשטע ליפּ. שפּעטער פֿלעגט זיך נעמען קלייבן שכיינים. און מיט דערעכערעץ אָפּגעבן שאָלעם-אַלייכעם, פֿרעגן וועגן געזונט... עפּעס מאָדנע ווילד איז געווען דער כילעק. פֿון דעמלט ביז איצט, איז בלאָך נאָך פֿעסטער געוואָרן אין דער דייע, אַז דער כילעק איז מער ניט א דערווײַליקער...

פֿון יענער צייט אָן פֿלעגט דאָוויד בלאָך יעדן טאָג קומען אַפֿן הויף. און די ערשטע זאַך זיינע איז געווען ארומגיין אין אַלע ווינקעלעך, מיטן שטעקן פּאָרקען באַ די שוועלן, אופֿהויבן סאַפּיר, ברעטלעך, צוזאַמענקלייבן אַף איין אָרט. דערנאָך פֿלעגט ער נעמען גיין איבער די דירעס זען, מען זאָל די דילן ניט פּאַטערן, די טאַפּעטן ניט רייסן און אכוץ דעם זאָל מען זיך גלאַט אנשטויסן, אַז ניט קוקנדיק אַף דער גאַנצער איבערקערעניש זיינען די דירעס ניט סטאַם קיין העפֿקער דירעס, אַז ס'איז פֿאַראַן אַ באַלעבאָס... די שכיינים זיינען אַפֿילע געווען ניט גאָר קיין אַרטיקע, אייניקע האָבן אים גלאַט פֿארכידעשט אָנגעקוקט, אַנדער האָבן אונטער זיין נאָז די טיר פֿאַרהאַקט, נאָר בלאָך האָט זיך מיט דעם א האָר ניט גערעכנט.

מער אַרבעט איז אָבער געווען מיט דעם טייל מויער, וואָס איז געווען צו דער גאַס. דאָרט האָט זיך ארייַנגעקליבן אַ שניידער-פֿאַבריק. די גרויסע צימערן מיט די געמאָלטע סטעליעס זיינען מיט מאַשינעס און טישן געווען אָנגעפֿילט, אנגעפּיקעוועט מיט אַרבעטער, אַלץ אזוינע צופּודלטע מיט טרוקענע קאַרקן. די מאַשינעס, אייזנס האָבן געקלאַפּט, פּליטעס האָבן געברענט. טומעלדיקער גערויש האָט דעם טאָג אָנגעפֿילט און צוזאַמען מיט פּאַראָרדענונגען, פּאַיאַקן, און פֿאַרזאַמלונגען, האָט מען אויך גע-

האַלטן אין איין קלאַפּן טשוועקעס אין די ווענט. בלאַכן פֿלעגט יעדער טשוועק אופֿרודערן. פונקט ווי מען וואָלט אין זיין פֿלייש געקלאפּט. עס פֿלעגט זיך אים דאַן וועלן שרייען, מאַכן קוילעס. ער האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן, מער ניט בא יעדער קלאַפּן צוגיין, אינעווייניק פֿלעגט עס אים זידן, נאָר ער פֿלעגט דאַווקע מיט אַ שמייכל זאָגן: — ע,-ע. כ'מיין, וואָס דאַרף מען דאָ אַ טשוואק קלאַפּן. א טשוואק וועט דאָ סאַי ווי ניט העלפֿן, בעסער קלאַפּט ניט, וואָס דאַרפֿט איר קלאַפּן טשוועקעס? די אַרבעטער האָבן אים שוין געקאָנט, געוווּסט, אז דאָס איז בלאַך, דער פֿריִערִיקער באַלעבאָס פֿון הויף. נאָר דאַווקע אים ניט געטשעפּעט, געלאָזט אים זיך אַרומדרייען, און מאַכן באַמערקונגען.

ביז איינמאָל איז אף אים ניט אָנגעשפּרונגען א יאָט מיט אַ ברייטער נאָז אין א סאָלדאַטיש העמדל און אָ פֿרעג געטאָן:

— האַ, וואָס דרייט זיך דאָ ארום דער לעך?

— א לעך. האָט אימיצער צוגעוואָרפֿן, דאָס איז דאָך כאַווער בלאָך, דער באַלעבאָס פֿון הויף.

— טוּ, וואָס טוט ער דאָ?

— אַ פֿראַגע אַביסל, וואָס טוט ער דאָ. וווהין זאָל א באַלעבאָס קומען, אויב ניט צו זיך אין הויף? האָט אַ צווייטער אַ זאָג געטאָן.

— קאָמכאָז איז דער באַלעבאָס! האָט דער יאָט מיט דער ברייטער נאָז אָפּגעהאַקט. און איר, האָט ער געגעבן א קער צו בלאָכן זיינע קליינע שאַרפֿע אויגעלעך, איר הערט, מער זאָלט איר זיך דאָ ניט אַרומדרייען, ניט דאָ און אַפילע אפֿן הויף אויך ניט. איר הערט, לעך, איר האָט דאָ ניט וואָס צו טאָן. ווען איך פּאַק אייך דאָ נאָך אמאָל, וואַרף איך אייך ארויס דורך די פֿענצטער אַפֿן גאַס. אניט שיק איך אייך אפּ אין טשעקאַ. איר ווייט אַמאָל געווען אין טשעקאַ?

בא בלאָכן איז דער פּאָנים ווייס געוואָרן, ווי מען וואָלט אים אינגאַנצן אויסגעקאַלכט, און א קאַשע אַף א מאַיסע. און וואָס טוט מען, אז ער נעמט און שיקט אים טאַקע אָפּ אין טשעקאַ?

פֿון יענעם צופֿאַל אָן איז ער מער אין די דירעס ניט געגאַנגען און אַפילע מוירע געהאַט אפֿן הויף ארופֿצוגיין. דאָס נאָר יאָ,—ער פֿלעגט אלע טאָג קומען שטיין אף דעם קעגנִיבערדיקן טראָטואַר און ארייַנקוקן אין זיינע פֿענצטער, און צוליב צוויי טאַימים: ערשטנס זאָל מען וויסן, אז ער בלאָך האָט זיך נאָך ניט אָפּגעזאָגט פֿון זיין באַלעבאַטישקייט, און ווייטער האָט אים עפּעס געצויגן יעדן טאָג איבערפֿילן אָט דעם שאַרפֿן שרעקלעכן געפֿיל:— שטיין קעגן דעם אייגענעם מויער, וואָס ער האָט פֿאַר זיינע אייגענע געלט געקויפֿט, און פֿילן אז מען טאָר אַהין ניט אַריין...

4.

נאָר אָט איינמאָל, דאָס איז געווען שוין א שטיק צייט נאָך דער נאַציאָנאַליזאַציע, שטעלט אָפּ בלאָכן אין גאַס, כלוינע קאַושדראַן.

— איר הערט, פּאַני בלאָך, מען קען אָפּגעבן מאַזלטאָוו.

— וואָס איז אזוינס? האָט בלאָך די אויגן אנגעשפּיצט.

— וואָס פֿאַרשטייט איר ניט? מען נעמט דאַווענען קיריק פֿון פֿאָרנט.

— וואָס מיינט איר מיט דעם, פּאַני קאַושדראַן?

— וואָס פֿאַרשטייט איר דאָ ניט, מען האָט כאַראָטע און מען גיט אָפּ צוריק.

— אַלץ? האָט זיך בא בלאָכן קימאַט ווי אַרויסגעריסן פֿון מויל.

— כע, כע מען וועט אָפּגעבן אַלץ. דערווייל גיט מען צוריק די הייזער.

— עס קען ניט זיין, האָט זיך בלאָך קימאַט ווי דערשראָקן פֿאַר דער מעגלעכקייט פֿון אזאַ גליק.

— איר גלויבט ניט? נאַט זעט. און כלוינע האָט ארויסגעשלעפּט פֿון קעשענע א צייטונג, פֿאַנאַנדערגענומען זי און מיט א גראָבן פֿינגער, וואָס האָט געהאַט אַ געלן, קאָלטענעוואַטן נאָגל, אָנגעוויזן בלאָכן אף אן אָרט.

בא בלאָכן האבן געציטערט די הענט, ווען ער האָט געשלעפּט פֿון בוזים-קעשענע זיינע ברילן, ווען ער האָט זיי פֿון שיידל ארויסגענומען און גענומען זיי אנטאָן. ער האָט בעשום אויפֿן ניט געקאָנט ארופֿמאַכן ביידע האלאָבליעס פֿון די ברילן אַף די אריינגעוואַקסענע אין די גראָע האָר אויערן. סאָפֿקאָלסאָף האָט ער דורך איין גלעזל געקוקט אין צייטונג און זיך געצאַפּלט אין אומגלויבִיקער פֿרייד.

— אפּגעבן, טאַקע אָפּגעבן, וואָס הייסט אָפּגעבן? און פֿאַר וואָס זאָל מען עס אָפּגעבן?

— מע הייסט, וואָס פֿאַרשטייט איר ניט, פּאַניע בלאָך, מע הייסט האָט כלוינע בלאָכן קימאַט אין אויער אריינגערוימט, כע, כע, סי פֿאַראַן אן אמעריטשקע, זאָל זי מאַרעך יאָמים זיין, אַ פֿראנצויזעלע גאַנעוו, כע, כע. איר געדענקט אַמאָל, אַז דער טאַטע פֿלעגט הייסן גיין אין כיידער, ניט ווילנדיק פֿלעגט מען גיין, אַי, פֿלעגט מען גיין.

נאָר אייגענטלעך איז פֿאַר בלאָכן קיין גרויס נאָפֿקעמִינע ניט געווען ווער עס האָט געהייסן, געגוג איז די בסורע, אַז מען גיט אָפּ, הייסט עס, אַז ער, בלאָך, ווערט צוריק באַלעבאָס. פֿאַר אים איז עס ניט געווען קיין קלייניקייט. עס איז געווען אַלץ, דער גאַנצער אינהאַלט פֿון לעבן, וואָרעם זייט מען האָט אים פֿון זיין הויז ארויסגעזעצט, איז בלאָכן נאָר ניט געווען צו דערקענען. ער איז אַזוי ווי צוקראָכן געוואָרן. די עלטער האָט זיך אף אים ארופּגעצויגן. ער איז געוואָרן אָפּגעלאָזן, וואָכן געגאַנגען ניט קיין געגאָלטער. קיין זאַך האָט אים ניט געצויגן. איצט אָבער האָט דער לעבן באַקומען ווידער זיין אינהאַלט, ווידער פֿאַראַן אַרבעט און די ערשטע זאַך איז—אָפּזוכן די פּאַפּירן.

די פּאַפּירן זיינען געלעגן באַהאַלטן צוזאַמען מיט זיין ווייבס קסובע, מיטן אָפּמאַך, וואָס ער האָט געמאַכט מיט דער באַנק, ווען ער האָט איר פֿאַרדונגען דעם אונטערשטן שטאָק, און אַ היבש ביסל ניקאָלאַיעווער מיט דומסקע. דאָס אַלץ איז געלעגן פֿאַרבונדן אין אַן אַלטער צייטונג—„רוסקאיע סלאָוואָ“. בלאָך האָט פֿאַרזיכטיק פֿאַנאַנדער געוויקלט דעם גאַנצן פּעקל, אַ זיפֿץ געטאָן אַף די ניקאָלאַיעווער און דומסקע, פֿאַרבונדן צוריק, די פּאַפּירן

פֿון מויער אַריינגלייגט אין דער בוזעם-קעשענע און דערפֿילט זיך מיטאַמאָל אַף אַ היבש ביסל טאַקיפֿער.

דערנאָך האָט זיך פֿאַר אים אנגעהויבן א גיין איבער די אַנשטאַלטן. דער איניען איז פֿאַר אים געווען אַביסל א נייער און אומבאַקאָנטער. ער האָט זיך אָבער גיך אָריענטירט און באַקאַנט, פֿאַנאַנדערגעקליבן זיך אין אַלע ראָשעטויוועס און אַפֿילע זיך דערשלאָגן צו דעם קאָפּ אַליין, אַזוי האָט בלאָך גערופֿן דעם פֿאַרוואַלטער פֿון קאָמכאָז, און דאַווקע געבליבן מיט אים צופֿרידן.

— אַפֿילע פֿון זייערע, נאָר אַ סימפּאַטישער מענטשל.

דער פֿאַרוואלטער האָט זיך טאַקע מיט אים גאָר פֿריינטלעך באגאנגען, געהייסן זיצן, אויסגעהערט דעם גאַנצן איניען, באַטראכט אַלע פּאַפּירן, אין די פּאַפּירן האָט ער גראדע קיין ברעקל פֿאַלשקייט ניט געפֿונען, אַלץ איז געווען ווי עס באַדאַרף צו זיין, מיט אַלע כסימעס, וואָס עס איז שאַיעך דעם מויער, אַף דעם האָט ער זיך יאָ אַביסל פֿאַרטראכט, ווייל זיי גיבן דערווייל נאָר אָפּ שטארק אָפּגעלאזענע, כאָרעווע מויערן.

בלאך איז אופֿגעשפּרונגען מיט אַן אָנגעצונדענעם פּאָנים, און אין די אויגן האָבן זיך אַפֿילע טרערן געוויזן:

— טאקע צוליב דעם בעט ער מען זאָל אים דעם מויער אָפּגעבן. די האַרץ וויינט דאָך, ווען מען קוקט אים אָן. זיין מויער, ער איז דאָך געווען איינער אין שטאָט, אַ צאצקע, איר פֿאַרשטייט? און בלאָך האָט זיך איבערגעבויגן איבערן טיש, צוגערוקט זיין פּאָנים צום פּאַרוואלטערס.—איר פֿאַרשטייט? מען האָט דאָך פֿון אים געמאכט אַ העקדעש, ווי איר זעט מיך אַ יידן אַ העקדעש, וואָס איז דאָרטן איצט, עפּעס אַ פֿאַבריק, און אַמאָל האבן דאָרטן דאָקטוירים געוויינט, די שענסטע גווירים פֿון שטאָט,—בלאך האָט עס מיט אַ פֿאַרשטיקט קאָל גערעט.

דער פּאַרוואלטער האָט זיך צושמייכלט:

— נו גוט מען וועט זען, אַלנפֿאלס די ליניע איז איצט אַזא, אויב מען וועט דאַרפֿן אָפּגעבן, קען זיין מען זאָל אָפּגעבן. די פּאַפּירן קען ער נעמען צו זיך און וואָס ער וועט קענען טאָן פֿאַר אים, וועט ער טאָן...

און אָט די פריינטלעכקייט. מיט וועלכע מען האָט אופֿגענומען דאָרט, דער טאָן, מיט וועלכן מען האָט מיט אים גערעט, און אויך די האַווטאָכע, אַז עס קען זיין מען זאָל אים אָפּגעבן—ראָס אַלץ האָט פֿון דאָוויד בלאָכן אַלע ספּייקעס אַרויסגעטריבן. ער איז איצט געווען זיכער, אַז דער מויער איז זיינער, עס איז אַ פֿראגע פֿון טעג און עפּשער וואָכן. און דערווייל, צוזאַמען מיט דערלאַנגען פּאַפּירן. און אַרומגיין איבער פֿאַרשידענע אַנשטאלטן, האָט זיך באַ אים אָנגעהויבן אַ גרייטעניש. בלאך האָט פֿיינט געהאט, ווי ער פֿלעגט אַלעמאָל זאָגן,—גיין צו דער כופּע, ווען דער בויך איז שוין אַף דער שפּיץ נאָז. האָט ער שוין איצט נאָך איידער ער האָט געקאָנט אָפּן הויף צו זיך אַרויף, שוין געזוען זיך מיט מוליאַרעס, קלעפּערס, בויערס, באשטעלט, געדונגען זיך וועגן מעקעך, מעיאשעוו געווען זיך וועגן דעם רעמאָנט, געפֿירט זיי צום פֿאָסאַד פֿון דעם קעגניבערדיקן טראָטואַר, געצייכנט מיטן שטעקן ליניעס אין דער לופֿט, פּלענער געמאכט, אַפֿילע שכיינים אויך אויסגעזוכט, אַף צו פֿאַרדינגען די דירעס פֿון הויף, וואָס מען וועט

אים זיכער אָפּגעבן צוריק. צווישן די נייע שכיינים זיינען געווען סקעפּטיקער, וואָס האבן אָפּט מיט אַ קנייטש פֿון שטערן, מיט אַ מאך פֿון דער האַנט באַדויערט—עט, פּאַניע בלאָך, ביזוואַנען איר וועט פֿון זיי עפּעס באַקומען... אָדער—די פּאַרנאָסע וואָס מען קען איצטער האָבן פֿון אַ מויער, וואָס שטייט אַף סאָוועטסקע ערד... נאָר בלאָך האט פֿון די אַלע רייד אַף אַ האָר ניט נאָך געלאָזט זיין פֿריילעכע, האפֿערדיקע שטימונג. מיט אַ שיינענדיק סוידעסדיק פּאָנים פֿלעגט ער דעם סקעפּטיקער אָנעמען פֿאַר אַ ברעג אַרבל און אים אריינרוימען: כע, כע, איר הערט פּאַניע, מיין טאַטע אָלאָווהאַשאָלעם פֿלעגט זאָגן: אַז מען דערלעבט לעאיינע קאָל יִסראָעל, דערלעבט מען שוין אויך בעריישיס באראַ. כע, כע, אַז מיר האָבן דערלעבט, אַז מען גיט אָפּ די הייזער צוריק, וועט מען מיסטאמע דערלעבן אַנדערע יעשועס אויך...

5

גאַנץ פֿרי האָט בלאך, ווי געוויינטלעך, געאיילט אין קאָמכאז, ווייל נאָך נעכטן איז געווען באַשטימט אַף היינט די זיצונג פֿון דער קאָמיסיע, וואָס דאַרף באטראַכטן זיין איניען. אין קאָרידאָר, באַם טיר פֿון צימער, ווו עס קומט פֿאָר די זיצונג, וועט מען קענען כאַפּן אַ וואָרט אָדער עפּשער אַף אַן אָרט די פֿריילעכע בסורע... פֿאַרבייגייענדיק נעבן זיין מויער, האָט אים אַ בלענד געטאָן אין די אויגן לייטערס מיט בו'עטער. אַף די לייטערס אַרבעטער פֿאַרשטויבטע, פֿאַרקאַלכטע האַקן מיט לאָמען דעם פֿאַסאד און אין איין אָרט איבערן אַריינגאַנג איז שוין אַ גאַנצער אופֿברוך, וואָס שטויבט די לופֿט מיט זאַמד, וואַפּנע, האלבע צובראָכענע ציגל, און דער גאַנצער אופֿבראָך האָט דאָס אויסזען פֿון אַ אופֿגעטרענטן בויך, פֿון וועלכן די געדערים ריינען צו דער ערד אַראָפּ.

בלאָך איז געבליבן אַ מעוואָלוועלער און דער ערשטער געדאַנק, וואָס האט אין קאָפּ אופֿגעבליצט, איז געווען, אַז דאָס טוט מען אים אומישנע, דאָס איז אַ שפּיצל פֿון די אַרבעטער, וואָס געפֿינען זיך איִנעווייניק, מיט אַ קיוון ברעכט מען עס און מען מאַכט אים אַ קורבן, וויבאלד אַזוי, וועט ער דאָס ניט דערלאָזן. ניין, ער וועט דאָס ניט דערלאָזן! און מיט אַ בלוטיק רויטן פּאָנים, אַף וועלכן די אויגן האָבן זיך מיט אַ ווילדן אָפּגלאַנץ צום דרויסן אַרויסגעקייקלט, טרייסלענדיק מיט זיין שטעקן אין דער פֿאַרשטויבטער לופֿט, האָט ער זיך צושריען: וואָס פּאַטערט איר מיין מויער, גאַזלאָנים, איר וועט באַ מיר אין קייטן אַוועק.

די אַרבעטער, וואָס זיינען געשטאַנען אויבן אַף די לייטערס, האָבן, ניט אומקוקנדיק זיך, געקלאַפּט אָן אופֿהער מיט די לאמען אין וואַנט. נאָר אונטן האָט זיך אַן אוילעם צוזאמענגעקליבן. טייל נייגעריקע פֿון גאַס, די איבעריקע אַרבעטער און איינער אַ הויכער מיט אַ באַפֿלעקטן פֿון קאלך פּאָנים האָט אַף בלאָכן אַ גוטמוטיק ברייטע האַנט אַרופֿגעלייגט, אַריינגעקוקט אים אין פּאָנים און אַ זאָג געטאָן: פֿעטערקע, איר'רט קומען שפּעטער, וואַרמעס-צייט, און לאָזט אַרבעטן.

וואָס פֿאַר אַן אַרבעטן? ווער האָט געהייסן אַרבעטן? האָט זיך בלאָך געצאַפּלט און געוואָרפֿן אַף אַלע זייטן. באַלד איז די קאָ-

מיסיע, איך האָב אַלע פּאַפּירן, ווו איז דער פּאָדריאַטשיק. די מינוט זאָל מען דעם מויער אויפהערן ברעכן.

פּלוצלונג איז געוואָרן אַ טומל מיט אַ געשריי: היט זיך, אַנטלויפט, עס פאַלט, עס פאַלט! אַי, אַי, פעטער מיטן שטעקן! קערט זיך אָפּ, דער מיטן וואַפנע־געשפּריינקלטן פּאָנים האָט געוואָלט אַ שלעפּ טאָן בלאָכן, ער האָט עס אָבער ניט באַוויזן צו טאָן.

אַ שטיק ברעט האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פונויבן און בלאָך האָט זיך אַראָפּגעזעצט אַפן טראָטואַר . . . .

. . . . . . . . .

נעבן בלאָכס מויער זיינען קופקעס אַרבעטער געשטאַנען. איצט, נאָך דעם גרויסן רעמאָנט, ווו מען האָט צונומען און איבערגעאַנדערשט אַלע אינעווייניקסטע צימערן, איז עס אַ גרויסע שניידער־פאַבריק געוואָרן, מיט איבער דריי הונדערט אַרבעטער. און געווען איז עס מיטיק־צייט. צום גלאָק איז נאָך געבליבן גאַנצע צוואַנציק מינוט. דער טאָג איז אַ זומערדיקער, אַ העלער, שטייט דער אוילעם, טייל רויכערן און קוקן געמיטלעך אַף דער טומלדיקער גאַס. אַנדערע כאַפּן אַ לעצעווע מיט די אַרבעטערנס אין די גראָע ספּעך־קליידלעך מיט די קורץ געשאָרענע האָר און זומערדיק אָפענע העלדזער. פון הינטערן ראָג האָט זיך געוויזן אַ לעוואַיע, אַן אַלטע יידישע לעוואַיע: אַ פּאָר דאַרע פערדלעך האָבן נאָכגעשלעפּט אַ שווארצן קאַסטן, אַרומגעגאַרטלט מיט ווייסע פּסוקים. הינטערן קאַסטן איז געגאַנגען אַ גראָער, שטילער איינגעבויגענער, שיטערער אוילעם. די מאַנסביל אין האַרטע קאַפּעליושן, מיט אַלטע אָפּגעריבענע מאַנטלען, און די ווייבער—אין שוואַרצע, טוליענע פּעלערינקעס און אַלט־מאָדישע היטעלעך, וועלכע זיינען אַף די גראָע קעפּ, ווי איבערגעקערטע דעקעלעך געלעגן.

דער אוילעם אַרבעטער האָט נייגעריק באַקוקט די פּראָצעסיע. נאָר אינמיטן האָט זיך דער פאַבריק־גלאָק צוקלונגען און גערופן צו דער אַרבעט. דער אוילעם האָט זיך גענומען שטופּן אין טויער אַריין. די לעוואַיע איז שוין דערווייל געווען ווייט. און וואָס ווייטער זי האָט זיך גערוקט, אַלץ קלענער און גראָער איז זי געוואָרן, צולעצט פאַרשלונגען געוואָרן אין טומלדיקן רעדער־און אווטאָמאָביל־געלאַף, אין גאָלדענעם שטויב פון זומערדיקן טאָג.

---

כ. ד.

# די אַלווייסרוסלענדישע באַראַטונג פֿון יידישע טוער באַם צ.ק.ק.פּ.(ב.)וו.

(יאַנוואַר 1928 יאָר).

די יאַנוואַר-באַראטונג פֿון ייִדישע טוער באַם צ.ק.ק.פּ.(ב.)וו. האָט אָין גרונט געלייזט דריי וויכטיקע פֿראַגן: 1) וועגן דער ווירט-שאַפֿטלעכער אַיינאָרדענונג פֿון שטעטל; 2) וועגן הילף דער אָרעמקייט; 3) וועגן די נאָענטסטע אויפֿגאבן אין דער קולטור-אַרבעט.

אין זיין געזעגענונג-וואָרט אַף דער באַראטונג האָט דער כ' טשעמעריסקי סומירט די ארבעט פֿון דער באַראַטונג אומגע-פֿער אף אזא אויפֿן: די ווייסרוסישע טוער—האָט ער געזאָגט—באַזיצן די פֿעיקייט—און האָבן עס ארויסגעוויזן אַף דער באַרא-טונג—צו לייזן אין א קאָנקרעטער פלאך פֿראַגן, וואָס שטייען אַקטועל פֿאַר דער פּאַרטיי. אין דערדאָזיקער אָפּשאַצונג איז אינ-דערעמעסן ניטאָ קיינשום איבערטריבנקייט—עס איז גענוג א בלע-טער טאָן דעם מאטעריאל פֿון דער באַראטונג, קעדיי זען וואס פֿאַר אַ קאָלאָסאַלע פּראָבלעמען דאָ זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין דער פראקטישער פלאכקייט. מיר האבן שוין אויבן דערמאַנט די וויכטיקסטע פֿון זיי: שטעטל, אָרעמקייט און קולטור-ארבעט. נאָר איידער מיר וועלן גענוי ריידן וועגן די דאָזיקע דריי הויפּט-פֿראַגן—אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם, וואָס דער באַראטונג איז אויסגעקומען סומירן ווי א רעזולטאט פֿון דער דורכגעמאכטער אַרבעט. דאָ וועלן מיר נעמען נאָר די וויכטיקסטע שטריכן פֿונם באַריכט, וואָס איז פֿאַר דער באַראַטונג געמאכט געוואָרן דורכן כ' ביילין.

אָט זיינען, לעמאָשל, ציפֿער, וועגן דעם אנטייל פֿון די ייִדי-שע מאסן אין דער אינדוסטריע. די צאָל מעטאליסטן איז פֿון 728 אין 1924 יאָר אויסגעוואָקסן ביז 1440 אין 1926 יאָר; יידישע טעקסטילער זיינען אין זעלבן 1924 יאָר געווען 604, אין 1926—1391; כעמיקער: געווען 368, אין 1926—837. די דאָזיקע ציפֿערן באַ-וויזן ווי עס גייט דער וווּקס פֿון ייִדישע אַרבעטער אין דער אינדוסטריע. דערביי איז וויכטיק דער פֿאַקט, וואָס 7 טויזנט מאַן פֿון די ייִדישע אינדוסטריע-אַרבעטער שטייען אַף אונטערנעמונ-גען, ווו עס זיינען באַשעפֿטיקט 150 מאַן און מער. דער שיכט פֿון אָנגעשטעלטע צווישן דער ארמיי פֿון יידישע לוינאַרבעטער איז קלענער געוואָרן פּראָפּאָרציאָנעל—פֿון 34 ביז 30 פּראָצענט. אַף אַזאַ אויפֿן וועקסט דער סקעלעט פֿון יידישן אַרבעטער-שיכט אַלץ מער שטאנדהאפֿטיק און בלוטפֿול. דאָס איז די אונטערשטע שורע וועגן די אַרבעטער-מאסן.

אינם קוסטאַרישן שיכט קומען אויך פֿאָר אומגפהערלעך פּראָ-צעסן פֿון ווירטשאַפֿטלעכער פֿאַרפֿעסטיקונג און ענדערונג פֿון קוואַליטעט. די צאָל אַרטעלן איז פֿאַר אַ יאָר, לויט ניט קיין פּינקטלעכע ידיעס, אויסגעוואָקסן פֿון 209 ביז 265; די צאָל מיט-גלידער אין די אַרטעלן האָט זיך פֿאַרדאָפּלט. די ליי-און שפּאָר-קאַסעס האָבן באַקומען אַ גרויסן צוּוווּקס פֿון מיטגלידער—פֿון 7.800 ביז 15.000. דאָס גלייכן איז אויסגעוואָקסן דער קאַפּיטאַל פֿון די דאָזיקע קאַסעס אַף א סאָלידן פּראָצענט. איבער אלע לי-ניעס גייט, אַף אַזא אויפֿן, די קאָאָפּעראַציע פֿונם קוסטאַר.

וועגן ייִדישן פּויערטום האָט די באַראַטונג געהאָט אונטערצו-פֿירן אַ סאַכאַקל פֿון דעם נאָר וואָס פֿאַרענדיקטן אַלווייסרוסלענ-דישן צוזאַמענפֿאָר פֿון ייִדישע פּויערים, וואָס איז דורכגעגאַנגען באַ אַ גוואַלדיקער אַקטיוויקייט און ענטוזיאַסטישער שטימונג פֿון די 200 דעלעגאַטן. 40.000 ייִדישע פּויערים אין ווייסרוסלאַנד, 170 קאָלעקטיוון, אַיינגעפֿעסטיקטע ווירטשאַפֿטן—דאָס האָט די באַראַטונג געקענט אַיינשליסן אין איר אקטיוו.

עס איז נאַטירלעך און אומבאַדינגט געווען, אז אף דעם דאָ-זיקן פֿאָן זאָל די באַראטונג קאָנען קאָנסטאַטירן א ווייטערדיקע פֿאַרשטאַרקונג פֿון די קאָמוניסטישע אידייען אין די ייִדישע אר-בעטער-מאסן, א טיפֿערן רעזולטאט אין זין פֿון באָלשעוויזירן די קאָמוניסטישע קאַדרען, גרויסע דערגרייכונגען אין געביט פֿון אויסלעבן די בונדישע און ביכלאַל נאציאָנאַליסטיש-קליינבירגער-לעכע רעשטלעך פֿון אַמאָל.

אָט מיט דעם דאָזיקן פּאָזיטיוון סאכאַקל איז די באַראַטונג צו-געטראָטן באַהאַנדלען די פֿראַגן פֿון טאָג-אָרדענונג. לאָמיר איצט נעמען זיי דעטאַל און יערער באַזונדער.

* * *

וועגן ווירטשאַפֿטלעכער אַיינאָרדענונג פֿונם שטעטל. אין דער דאָזיקער פֿראַגע איז אף דער באראטונג אַריינגעטראָגן געוואָרן די נויטיקע קלאָרקייט. דאָס איז, דאַרף מען זאָגן, געווען א פֿראַגע נאָר א נייע, וואָס ביז איצט האָט מען מיט מאטערניש אף איר געפּרוּווט ענטפֿערן. אַלע מאָטמיטלען פֿון דער פּאַרטיי זיינען, פֿאַרשטייט זיך, אין אלגעמיין גענומען, געווען געווענדעט, אין אַ גרויסער מאָס, צו לינדערן די נויט פֿון שטעטל, צו לייזן די פֿראַגע וועגן אומטעטיקייט, דאכקעס, אָרעמקייט א. א. וו. דעם איצטיקן מאָל איז די שטעטל-פֿראַגע אויפֿגעשטאַנען אין דער גאַנ-צער גרויס. דאָס אלץ, וואָס איז ביז איצט געטאָן געוואָרן, האָט געדינט ווי א קאַנווע פֿאַר דעם נייעם, אַף לאַנג אויסגערעכנטן, פלאַן. און דער דאָזיקער פלאַן האָט זיך שוין געזאָלט אונטערשיידן

פֿון דער פֿריערדיקער פּראַקטיק דערמיט, וואָס ער נעמט דעם קאָמפּלעקס שטעטל אין זיין גאַנצער קאָנקרעטקייט, אין דער גאַנצער הוילקייט פֿוןווירטשאַפֿטלעכער ניטבאַשטימטקייט, בלוט-אָרעמקייט, פֿאַרוואָרלאָזטקייט. די באַראַטונג האָט, אַף אַזאַ אופֿן, געהאַט צו אָנוואַרפֿן אַ קאָנקרעטע סכעמע אַף יענע פּרינציפּיעלע באַשלוסן, וואָס די יידביוראָ פֿון צ. ק. האָט געהאַט שוין אָנגענומען, און אַפֿן גרונט פֿון געזאַמלטן מאַטעריאַל זאָגן איר וואָרט וועגן די נאָענטסטע פּראַקטישע מאָסמיטלען. זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז די באַראַטונג האָט הייס באַגריסט די רעגירונג-באַשטימונג, וואָס איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיטן צענטיאָריקן יוביל פֿון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע וועגן ווירטשאַפֿטלעך איינאָרדענען די שטעטלעך. דער פֿאָרטראָג פֿון כ׳ קאַרקלין אַף דער באַראַטונג, דערדאָזיקער אומגעהויער רייכער מאַטעריאַל, וועט סאַי לויט זיין פּרינציפּיעלן טאָן, אַזוי אויך צוליב זיינע פּראַקטישע מאָסמיטלען, שאַפֿן אַ ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פֿונם שטעטל. אַנשטאָט אַ סינאָנים פֿון אומפּראָדוקטיווקייט, פֿון אַ מין אַמפֿיבישער עקזיסטענץ, ווערט דאָס שטעטל געריכטעט אַפֿן וועג פֿון ווירטשאַפֿטלעכער אויפֿשטעלונג לויט צוויי הויפּט-ליניעס: דאָרף און שטאָט. דער מין שטעטל אין זיין אַלטן באַגריף דאַרף אין פּראָצעס פֿון ווירטשאַפֿטלעכער בויונג אָפּשטאַרבן, זיין אָרט וועט פֿאַרנעמען די „פֿאַרדאָרפֿישטע״ שטעטל, די אינדוסטריאַליזירטע שטעטל, וואָס וועט אַרומוואַקסן מיט אונטערנעמונגען, עלעקטרישע סטאַנציעס, האָלץ-זאַוואָדן, אָרטעלן פֿאַרשיידענע א.א.וו. קלאָר איז, אַזוי אַרום, אַז אין פּרינציפּ דאַרף מען שוין רעכענען די פֿראַגע פֿון שטעטל פֿאַר געלייזט, דאָס וויכטיקסטע איז אָפּגעטאָן געוואָרן—די שטעטל וואַקסט אַריין אין דער אַלגעמיינער ווירטשאַפֿט-סיסטעם. איצט פֿאָדערט זיך אַ קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונג פֿון די טוער אַף די ערטער, פֿון אַלע אַנשטאַלטן, פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכקייט, אַ ברייט-פֿאַנאַנדערגעוויקלטע איניציאַטיוו פֿון דער שטעטלדיקער באַפֿעלקערונג אַליין,—קעדיי דורכפֿירן וואָס בעסער און אָן ווייטיקן די אָנגעמערקטע פּלענער צו אויפֿבויען די שטעטלעך...

ווי שאַרף עס איז איצט די פֿראַגע פֿון שטעטל, ווייזן די ציפֿערן און מאַטעריאַל וואָס ווערן אין פֿאָריקן נומער „שטערן״ געבראַכט דורך די כ׳כ׳ באַראַן און גאָרין. זיי זיינען אַף אַזויפֿיל אילוסטראַטיוו, אַז מיר געפֿינען ניט פֿאַר נויטיק נאָכאַמאָל זיי איבערצוכאַזערן. באַם שיין פֿון די נייע פּראָצעסן, וואָס מערקן זיך איצט אָן אין שטעטל, בא דער ווייטערדיקער האַסטיקער אַנטוויקלונג פֿון מעלוכע-האַנדל און אינדוסטריע, וואַקסט אַלץ מער אויס די אַקטועלקייט פֿון דער שטעטלדיקער פּראָבלעם. ווייניקער ווי אַלץ קען איצט די פֿראַגע געשטעלט ווערן אין שניט פֿון באַזאָרגן מיט פּאַשע, געהילץ, פֿון אויסגלייכן די פֿינינספּעקטאָרישע ליניע א.ד.ג. דאָס אַלץ דאַרף זיך גיין מיטן אָנגעמערקטן דערעך. אָבער די „גענעראַלע ליניע״, דער רינג, פֿאַר וועלכן מע דאַרף זיך אָנכאַפּן, קעדיי אָנהאַלטן די גאַנצע קייט איז—פּלאַנמעסיקע ווירטשאַפֿטלעכע איינאָרדענונג פֿונם שטעטל. דאָס דאַרף גיין האַנט בא האַנט מיט אונדזער אַרבעט אַפֿן געביט פֿון אינדוסטריאַליזאַציע בכלל, פֿון יידישער ערד-איינאָרדענונג א.א.וו.

די שטעטל וועט ניט פֿאַרגעסן, זי וועט ניט צורייבן אינם מיל פֿון סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג—זי וועט איבערגעבויט. אַזוי האָט די באַראַטונג געשטעלט די פֿראַגע. און דעריבער האָט די באַראַטונג מיט איר באַהאַנדלען די שטעטל-פֿראַגע ניט נאָר באַהאַנדלט אַ קאָנקרעטע פֿראַגע—זי האָט מיט דעם זיך אויפֿגעהויבן צו אַ גרויסער פּרינציפּיעל-פּאָליטישער הויך, זי האָט מיטגעהאָלפֿן דער פּאַרטיי לייזן אַ פֿאַרוויקלטע סאָציאַל-פּאָליטישע און, אין אַ גרויסער מאָס, נאַציאָנאַלע פּראָבלעם.

* * *

די פֿראַגע וועגן דער אָרעמקייט איז דעמדאָזיקן מאָל געשטעלט געוואָרן אין אַ מער פֿאַרטיפֿערטן און אַלזייטיקן שניט, ווי מיר זיינען עס געוואָינט געוואָרן צו זען ביז איצט. דערצו האָט אין אַ געוויסער מאָס מיטגעהאָלפֿן דער פֿאַקט, וואָס האַרט ערעוו דער באַראַטונג איז דורכן אַפּאַראַט פֿון יידביוראָ באַם צ.ק. ק.פּ.וו. דורכגעפֿירט געוואָרן אַן אויספֿאָרשונג פֿון דער אַרבעט אין די שטעטלדיקע קאָמיטעטן פֿאַר קעגנזייטיקער הילף. עמעס, דידאָזיקע אויספֿאָרשונג האָט ניט געגעבן קיין פֿולשטענדיק בילד וועגן אַלע געביטן און פֿאָרמען פֿון אַרבעט מיט דער אָרעמקייט, אָבער אַ סכום פֿון דערפֿאַרונג האָט עס מיט זיך פֿאָרגעשטעלט.

פֿון אַ באַגרענעצטער פֿראַגע אין די ראַמען פֿונם פֿאָרטראַג פֿון כ׳ ראַזשאַנסקי, איז די אָרעמקייט-פֿראַגע פֿאַרשאַרפֿט געוואָרן דעריקער פּאָליטיש. דאָס האָט זיך געלאָזט מערקן אין די פֿאָרטראַגן פֿון די כ״כ טשעמעריסקי אוןביילין, אין די דעבאַטן און אויך אַרום דעם פֿאָרטראַג וועגן די שטעטלדיקע קאָמיטעטן פֿון קעגנזייטיקער הילף. „אַף דער פּערעפּערי פֿון דער קוסטאַרעריי און האַנטווערקעריי—זאָגט כ׳ טשעמעריסקי—זיינען פֿאַראַן פֿאַקטן פֿון דעקוואַליפֿיקאַציע און דעקלאַסירונג פֿון דער אָרעמקייט. ניט נאָר די פֿאַרמעגלעכע קוסטאַרן רוקן אָפּ די אָרעמקייט, נאָר אויך דער מיטעלער קוסטאַר רוקט זיי אָפּ, פֿאַרכאַפּט די אָנפֿירערשאַפֿט מיט אַלע אָרגאַניזאַציעס, דאָס צוזייט און צושפּרייט די אָרעמקייט און מאַכט זיי אומזעבאַר און אומבאַמערקבאַר״. דער כ׳ טשעמעריסקי האָט, אַזוי אַרום, פֿאַרשאַרפֿט די פֿראַגע פֿון אָרגאַניזירן די אָרעמקייט, הייבן איר סאָציאַל-עקאָנאָמישע און פּאָליטישע וואָג. אינם פֿאָרטראַג פֿון כ׳ ראַזשאַנסקי איז דידאָזיקע פֿראַגע גענויער אַרומגערעדט געוואָרן. דער כ׳ ראַזשאַנסקי האָט קוידעם-קאָל קאָנסטאַטירט, אַז:

> „די באַשטימונג פֿון צ.ק. וועגן דער אַרבעט צווישן דער אָרעמקייט איז אויסגעפֿילט געוואָרן ניט גענוג. אונדזער אומיטלבאַרע אַרבעט צווישן דער שטעטלדיקער אָרעמקייט, באַזונדערס די עקאָנאָמישע אַרבעט, האָט זיך געפֿירט מיט אַ שוואַכערן טעמפּ. די הויפּט-מאָסמיטלען, וועלכע האָבן גרינגער געמאַכט די לאַגע פֿון דער שטעטלדיקער אָרעמקייט, זיינען געווען: דאָס אָפּשאַפֿן דעם גרונט-פֿאַרדינסט-שטייער, דאָס באַפֿרייען פֿון פּאַטענט-אָפּצאָל די קוסטאַרן יעכידים און דאָס באַפֿרייען פֿון פֿאַרדינסט-שטייערן די קוסטאַרן, וועמענס פֿאַרדינסט איז ווייניקער פֿון אַ געוויסן מינימום. דידאָזיקע מאָסמיטלען האָבן, פֿאַרשטייט זיך, געגעבן געוויסע רעזולטאַטן,

פֿונדעסטוועגן מוז אַזא הילף אַנערקענט ווערן פֿאַר אַן אומדירעקטע. די שטעטלדיקע אָרעמקייט נויטיקט זיך אין אַזא הילף, וועלכע איז בעקויעך צו שאַפֿן א פֿעסטן באָדן פֿאַר דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ. די אויבנדערמאָנטע מאָסמיטלען, האָבן עמעס גרינגער געמאַכט די לאַגע פֿון דער שטעטלדיקער אָרעמקייט, זיי האָבן אָבער ניט געקענט ראַדיקאַל ענדערן זי. דער אָרעמער קוסטאַר, וועלכער פֿאַרמאָגט ניט קיין אומזאַץ-קאַפּיטאַל און קיין מעגלעכקייט צו עפֿענען אַן אייגענעם וואַרשטאַט, איז פֿאַרבליבן אין דערזעלבער שווערער לאַגע".

די דאָזיקע גרונט-פּרינציפּן און קאָנסטאַטירונגען האָבן ניט באַגעגנט קיין ווידערשטאַנד אַף דער באַראַטונג. די רעוואָלוציע איבערן באַריכט פֿון ייִדבּיוראָ רעט וועגן אייניקע דערגרייכונגען אין דער אַרבעט צווישן דער אָרעמקייט („עס איז פֿאַרשטאַרקט געוואָרן די פּאַרטעישע ווירקונג אַף דער ייִדישער שטעטלדיקער אָרעמקייט"), און שטרייכט אונטער אין אייניקע ערטער די נויטיקייט צו פֿאַרשטאַרקן דידאָזיקע אַרבעט.

ריכטיק האָט דער כ' ראַזשאַנסקי באַמערקט אין איין אָרט פֿון זיין פֿאָרטראָג:

„דער הויפּט-פֿעלער איז דאָס, וואָס מיר האָבן ניט קיין אַקטיוו פֿון דער אָרעמקייט; וואָס די הויפּט-ראָלע שפּילט גאַנץ אָפֿט דער פֿאַרמעגלעכער און די העכערע טיילן פֿון די מיטעלע, די אָרעמקייט ווערט אָפּגעשטויסן, איר אַקטיווקייט איז גאָר ניט קאָנטיק, אונדז שטייט פֿאָר זייער אַ שווערע אַרבעט צו שאַפֿן אַן אַקטיוו פֿון דער אָרעמקייט און פֿון די בעסערע מיטעלע עלעמענטן, דערציען זיי פּאָליטיש, פֿירן אַ קעסיידערדיקע אויפֿקלערונג-אַרבעט, קעדיי צו פֿאַרשטאַרקן מאַקסימאַל דעם בלאָק פֿון דער אָרעמקייט מיט דעם מיטעלן קוסטאַר, נעמענדיק אַ קורס אַף דערנעענטערן די שטעטלדיקע אָרעמקייט מיט דער דאָרפֿישער".

אָרגאַניזאַציאָנעל ארומכאַפּן די אָרעמקייט, אַפּן גרונט פֿון די פֿאַראַנענע פּאַרטעישע דירעקטיוון,—איז איצט איינע פֿון די וויכטיקסטע זאַכן אין דער שטעטלדיקער אַרבעט, נאָך אַלץ דעם, וואָס עס שפּילט זיך איצט אָפּ אין שטעטל, קען מען קומען צום אויספֿיר, אַז די קלאַסן-דיפֿערענציאַציע ווערט אַלץ מער רייף, עס וואַקסט אָן אַ מאָמענט פֿון מער פֿאַרשאַרפֿטן אַנטאַגאָניזם צווישן דעם באַלעגופֿישן הייפֿל און די אַרבעטנדיקע מאַסן. די אָרעמע שיכטן מוזן דאָ בלי-ספֿק בילדן אַ קראַפֿט אין די הענט פֿון דער פּאַרטיי און ניט פֿון דעם באַלעגוף. דאָס קען דערגרייכט ווערן דורך מער ענערגישער אַרבעט און אויפֿמערקזאַמקייט צו דער אָרעמקייט.

לאָמיר שוין דאָ אויך זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם קלעריקאַליזם—דאָס האָט אַ נאָענטע שייכעס צום קאַמף, וואָס ס'גייט פֿאַר דער אָרעמקייט. די באַראַטונג האָט קיין שום נייס ניט געהאַט אַריינצוטראָגן אין דער אַלטער שטעלונג פֿון דער פֿראַגע. אָט וואָס די רעזאָלוציע איבערן באַריכט פֿון כ' ביילין זאָגט וועגן דעם:

„עס דאַרף אונטערגענומען ווערן אַן ענערגישע אַרבעט קעגן דעם קלעריקאַליזם, וועלכער שטעלט פֿאָר מיט זיך אַ קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן קויעך און וועלכע שטרעבט אונטערצורייסן די סאָוועטישע, ווירטשאַפֿטלעכע און קולטורעלע בויונג אין דער ייִדישער סוויווע. אין דעם קאַמף קעגן קלעריקאַליזם דאַרף אָנגעווענדעט ווערן, כוץ אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע, אויך די רעוואָלוציאָנערע געזעצלעכקייט. אין קאַמף קעגן קלעריקאַליזם דאַרף אַריינגעצויגן ווערן די אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ (די לערערשאַפֿט, דאָקטוירים, אַגראָנאָמען א.א.וו.), מען דאַרף אויפֿלעבן די אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע אין אַלע פֿאָרמען (לעקציעס, פּרעסע, בוך), שאַפֿן אַ נעץ קעמערלעך פֿון דער געזעלשאַפֿט „אַפּיקוירעס".

„דער קלעריקאַליזם איז אַ קאָנטר-רעוואָלוציאָנערער קויעך"—דאָ איז געגעבן געוואָרן די פּאָליטישע פֿאָרמולירונג פֿון יענעם קריגערישן קלעריקאַליזם, וואָס האָט אָנגעהויבן פּרוּוון זיך דאָ און דאָרט ווידער אויפֿשטעלן זיינע פּאָזיציעס און זאַמלען אַרום זיך אַלץ דאָס, וואָס איז פֿיינטלעך דער סאָוועטנמאַכט. דער רעוואָלוציאָנערער געזעץ, די אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע, די אַרבעט פֿון דער אינטעליגענץ—דאָס אַלץ דאַרף דינען אַלס געווער קעגן קלעריקאַליזם. גראָד האָט די באַראַטונג ניט געקענט ריידן וועגן מער ווייניקער קענטיקע דערגרייכונגען אַפֿן דאָזיקן געביט, דעריקער איז קאָנסטאַטירט געוואָרן, אַז די סיסטעמאַטישע פּראָפּאַגאַנדע און געזעלשאַפֿטלעכע אַנטירעליגיעזע אַרבעט איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

* *
*

ווי מיר האָבן שוין פֿריער דערמאָנט איז איינע פֿון די גרונט-פֿראַגן געוואָרן די פֿראַגע וועגן קולטור-אַרבעט.

די פֿראַגע וועגן קולטור-אַרבעט איז אַף דער באַראַטונג אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין דער גאַנצער ברייט. די דאָזיקע פֿראַגע איז באַהאַנדלט געוואָרן אונטערן צייכן פֿון די אויפֿגאַבן אין דער קולטור-רעוואָלוציע, וועלכע זיינען דורך דער פּאַרטיי אָנגעמערקט געוואָרן אַף דעם 15-טן צוזאַמענפֿאָר.

די סאַכאַקלען פֿון דער ייִדישער קולטור-אַרבעט אין ווייסרוסלאַנד באַווייזן אַן אומפֿהערלעכן וווּקס פֿון דער שול-נעץ, אַ פֿאַרגרעסערונג פֿון דער צאָל קינדער אין די ייִדישע שולן. אין דעמדאָזיקן געביט האָט די באַראַטונג אָבער געהאַט צו פֿאַרצייכענען אַ מין דיספּראָפּאָרציע, אַ שערעלע, צווישן דער אַנטוויקלונג פֿון דער שול-נעץ און דער אַרבעט פֿון פּאָליט-אויפֿקלער, דער צאָל אַנשטאַלטן אַפֿן דאָזיקן געביט. ניט אומזיסט האָט דעריבער דער כ' טשעמעריסקי אין זיין סאַכאַקל-וואָרט פֿון דער באַראַטונג אָנגעוויזן, אַז: „מיר האָבן דאָ געזען אַ ניטגלייכמעסיקע אַנטוויקלונג אין פֿאַרשיידענע צווייגן פֿון „קולטור". די נעץ פֿון ייִדישע לייען-שטיבלעך איז ניט גענוגנדיק, די צאָל פֿון די אָוונט-שולן איז אַ קנאַפּע א. א. וו.

באַזונדערס האָט די באַראַטונג זיך אָפּגעשטעלט אַף די פֿראַגן, וואָס זיינען שייך דער קינסטלערישער דערציונג אַף ייִדיש. עס איז גערעדט געוואָרן וועגן טעאַטער, וועגן ליטעראַטור, וועגן קינסטלערישע קרייזן אין די קלובן, וועגן קריטיק, וועגן פֿאַרלאַג-אַרבעט, וועגן ייִדאָפּטייל פֿון אינבעלאָרוסקולט. איבער דידאָזיקע

פראַגן איז געגאַנגען א רייד סאַי איבערן באַריכט-פאָרטראג פון כ׳ביילין, אזוי אויך אין די דעבאַטן איבערן פאָרטראג פון כאַווער אָשעראָוו „סאַכאַקלען פון קולטור-אַרבעט און די ווייטערדיקע אויפגאַבן״. די באַראַטונג האָט געשטעלט דעם טראָפּ אף דידאָזיקע פראַגן, אָנגעמערקט אַ גאַנצע ריי פראַקטישע מאָסמיטלען, צווישן זיי לעמאָשל, א באַשטימונג וועגן קורסן פאַר אָנפירער פון דראַמקרייזן אין קלובן א.א.וו.

אין גרונט איז אף אַזאַ מין אויפן, דער טראָפּ געשטעלט געוואָרן אַף פראַגן פון מאַסן-אַרבעט און פּאָליט-אויפקלערונג. די באַראַטונג האָט זיך געקענט דערלויבן די שול-פראַגע עטוואָס אָפּרוקן אָן א זייט, כאָטש די פראַגע וועגן מאַטעריעלן צושטאַנד פון די יידישע שולן (געביידעס, אינווענטאַר, אויסשטאַטונג, לאַבאַראַטאָרישע מאַכשירים א.א.וו.) איז נאָך אויך איצט ניט פולקאָם געלייזט. אָבער דאָך, ווי געזאָגט, האט די באראטונג זיך געקאנט מער קאנצענטרירן אף פראַגן פון אויסערשול-בילדונג און מאַסן-קולטור. ניט צופעליק איז דעריבער אַ העלפט פון כ׳אשעראָווס פארטראג געווען געווידמעט דידאזיקע פראַגן. דאָס הייסט ניט, אַז די שול איז ארויסגעפאַלן פון זע-פעלד פאַר דער באראַטונג, דאָס באווייזט נאר, אז די פאזיציעס אין שול-בויונג זיינען פעסטער געווארן*), די קאַדרען זיינען גרעסער געווארן, און עס איז שוין דא די מעגלעכקייט זיך „אפווענדן״ פאַר אַנדערע קולטור-צווייגן.

צוזאַמען דערמיט איז אף דער באראַטונג פאַרשארפט געווארן די פראַגע וועגן פראפטעכנישער בילדונג און וועגן באדינען מיט קולטור-אַרבעט דעם יידישן קאלעקטיוו אין דארף.

*
*   *

באזונדערס דאַרף אַ פאר ווערטער געזאגט ווערן וועגן דעם, ווי אזוי די באַראַטונג האט זיך אפגערופן אף דער באשטימונג פון די צענטראלע פאַרבאנדישע פאַרטיי-און מאַכט-ארגאַנען וועגן אויסטיילן פאַר יידישער ערד-אַיינארדענונג דעם בירא-בידזשאנער דאַיאן (אַפן וייטן מיזרעך). ווען די באראטונג איז פארגעקומען איז נאך דידאזיקע באשטימונג ערשט פובליקירט געווארן. דאך זיינען בא די יידישע טוער קיין שום ספייקעס ניט געווען אף דער פאזיטיווער ראל פון דערדאזיקער באשטימונג. די ארטיקע טוער האבן דידאזיקע באַשטימונג באַגריסט. פאַר אַלעמען איז קלאר געווען, אַז ווי פרינציפיעל, אזוי פראַקטיש ווערט דא געמאַכט אַ נייער שריט אַפן וועג פון איבערבויען די סטרוקטור פון די יידישע מאַסן, אַפן וועג פון איינשליסן זיי אין דער סאַציאליסטישער בויונג. די באַראַטונג האט באַטאנט אַלע פערספעקטיוון, וואס עפענען זיך אין צוזאמענהאנג מיט בירא-בידזשאן, עס איז אונטערגעשטראָכן געווארן די פראַגע וועגן מעגלעכקייט צו אָריענטירן זיך אף אַן אַווטאָנאָמען איינס אין דעמדאָזיקן נייעם געגנט פון יידישער קאָלאָניזאַציע. אָבער אין דעם אלץ, וואָס איז גערעט געוואָרן איז ניט געווען קיין שום נאַציאנאליסטישער טשאד. דערצו האָט מיטגעהאָלפן די אויסגעקלאָרטע ליניע, וואָס איז אין דער פראַגע וועגן „נאַציע״ און „טעריטאָריע״ אריינגעטראָגן געוואָרן אין דער לעצטער באַראַטונג פון יידטוער באַם צ.ק. אַל.ק.פ.(ב).

איינשטימיק האָט די באַראַטונג באַשלאָסן צו אוועקשטעלן די אַרבעט פאַר בירא-בידזשאַן אַף איינע פון די וויכטיקסטע ערטער אינם אַרבעט-פלאַן, אנמערקנדיק גלייכצייטיק אַלע מאָסמיטלען פאַר דער יידישער ערדאיינאָרדנונג אַף אָן אָרט—אין די גרענעצן פון ווסס״ר. ביידע אַרבעטן דאַרפן גיין פאראַלעל, ווייל איינע די אנדערע דערפילט. די אַרבעט פאַר בירא-בידזשאַן וועט, פאַרשטייט זיך, בעשום אויפן ניט טאָרן אָפּשוואַכן די אַרבעט אַף אָן אָרט.

*
*   *

אפן פאָן פון דידאָזיקע קאָנקרעטע פראַגן פון דער יידישער אַרבעט אין ווייסרוסלאַנד האָט זייער אַ וויכטיקע באַדייטונג געהאַט דער פאראלגעמיינערנדיקער פארטראג פון כ׳טשעמעריסקי אַף דער באַראַטונג. דערדאָזיקער פארטראג, וואָס האָט געטראָגן דעם קעפל „גרונט-ליניעס אין דער אַרבעט פון צ.ב פון די יידסעקציעס באַם צ.ק.אל.ק.פ.״ האָט אָנגעמערקט די גרונט-אויפגאַבן פון דער אַרבעט צווישן די יידישע מאַסן אין סאָוועטנפאַרבאַנד פאַרן נאָענטסטן פעריאָד, געבנדיק גלייכצייטיק דעם אנאַליז פון דעם צושטאַנד, וואָס מיר האָבן באַ היינטיקן טאָג אין די יידישע מאַסן, פון יענע שטימונגען, וועלכע זיינען פאַראַן. אין גרונט פון זיין פאָרטראג האָט דער כ׳טשעמעריסקי אַוועקגעשטעלט די פראָבלעם פון אינדוסטריאַליזירן און אַגראַריזירן די יידישע מאַסן. די קליינבירגערלעכע ניט פראָדוצירנדיקע און דעקלאסירטע עלעמענטן—זאָגט דער כ׳טשעמעריסקי—ווערן צעוויגן פון איין זייט דורך אַריינדרינגען אין דער אינדוסטריע, און פון דער צווייטער זייט—דורך אריינדרינגען אין דער קוסטאַר-האַנטווערקעריי״. דאָס איז אויסער דעם פראָצעס פון אַגראַריזאַציע, וועלכער קומט פאָר אין אַ פלאַנמעסיקער פאָרם. אָבער, ווייזט אן דער כ׳טשמעריסקי, „דער וווּקס פון דער אינדוסטריאליזאַציע, אַגראַריזאַציע און קוסטאַרעריי, האַגאַם זיי שוואַכן שטאַרק אָפּ די קרענקלעכקייט פון די צושטערנדיקע ווירקונגען פאַר דער סאָציאליסטישער בויונג אַף די יידישע מאַסן אין דער אַלטער עקאָנאָמיק, קאָנען אָבער נאָך ניט אַרומכאַפן אַלע אַרויסגעשטויסענע און צעוויגנירטע און די אונטערוואַקסנדיקע יוגנט.

*) אין זיין פאָרטראג האָט דער כ׳ אָשעראָוו געבראַכט פאָלגנדיקע ציפערן וועגן וווּקס פון דער יידישער סאָוו. שול אין וו.ס.ס.ר.

„דער וווּקס פון די שולן און פונם אַרומכאַפ פון די קינדער איז ביז איצט געגאַנגען מער אָדער ווייניקער נאָרמאַל. די דינאַמיק פון דער שול-נעץ פאַר די דריי יאָר 25-1924—27-1926 איז געגאַנגען אזוי: 140, 175 און 184 שולן. היינטיקס יאָר האט זיך די נעץ פארגרעסערט אף 52 קאמפלעקטן, פון זיי 80 פראָצ. פונם ערשטן קאנצענטר. 3 שולן זיינען פון פיריאריקע אריבער אף זיבניאריקע. די צאל קינדער אין דיזעלבע יארן: 19,085, 22,535 און 24,073 (די אלע ציפער זיינען אויסער האמלער קרייז). אף היינטיקן יאָר האבן מיר געניוע יעדיעס פון 77 פראצ. פון דער שול-נעץ. אין זיי איז די צאָל קינדער פארגרעסערט געוואָרן אף 551 קינדער. לערערך. דאַרף מען רעכענען, זיינען היינטיקן יאָר אינגאנצן צוגעקומען ביז 900—800 קינדער.

אַזאַ איז דער אנטבלויזטער דיאַלעקטישער פּראָצעס, דערפֿון דרינגט אַרויס די נויטווענדיקייט צו פֿאַרשטאַרקן די אַרבעט איבער אַלע ליניעס.

דער כ׳ טשעמעריסקי האָט זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אַף די פּאָליטישע שטימונגען, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין די יידישע מאַסן פֿאַר דער לעצטער צייט, אין צוזאַמענהאַנג מיט די אַלגעמיין-פּאָליטישע דערשיינונגען וואָס האָבן געהאַט אַן אָרט. אָט ווי דער פֿארטרעגער האט פֿאָרמולירט דעם אָפּקלאַנג פֿון דער אָפּאָזיציע אין יידישן קליינבירגערטום און אין די נאָענטע צו אים שיכטן.

באַדײַטנדפֿול איז דער פֿאַקט, וואָס דאָס מאָל האָט דאָס יידישע קליינבירגערטום ניט רעאַגירט אין א ריין יידעשלעכער פֿאָרם פֿון פֿאַרפֿעסטיקן די אַלטע נאַציאנאַליסטישע פּאַרטייען און אידעאָלאָגיעס, ווי דאָס איז געווען מיט אַ יאָר 3 צוריק, ווען דאָס קליינבירגערטום האָט געענטפֿערט אף די שוועריקייטן און אַפֿן אָנהויב פֿון סאָציאַליסטישן אָנגריף מיט אַ פֿאַרשטאַרקטער ציאניסטישער באַוועגונג. דאָס מאָל האָבן מיר אַן אַנדער דערשיינונג: פֿולשטענדיקע צופֿאַלונג פֿון אַלע ציאָניסטישע גרופּירונגען, ביז דעם לינקסטן „העכאָלוץ”...

„באדייטנדפֿול איז דער פֿאַקט, וואָס מיר האָבן פֿאַר זיך דעם נעאמענשעויזם, נאר מיר האָבן קיין רעמעז ניט פֿון נעאבונדיזם. דאָס קליינבירגערטום האָט רעאַגירט דורך נעאַמענשעויזם (אָפּאזיציע), דורך די פֿארמען פֿון נאַציאנאַליזם, וועלכע מיר האָבן אָנגערופֿן נאַציאנאַל-באָלשעויזם און נעאַטעריטאָריאַליזם; עס האָט געהאָלפֿן דעם נעפּמאַנטום פֿאַרשטאַרקן דעם קלעריקאַליזם; עס האָט אָבער ניט רעאַגירט ניט דורך די ציאניסטישע גרופּירונגען, ניט דורך אָפּפֿרישן דעם בונדיזם אין אַ נייער אדער אין דער אַלטער פֿאָרם...

אָבער דער וויכטיקער און גרויסער סאַכאַקל פֿון די אָנגעוויזענע דערשיינונגען דאַרף זיין אַזאַ: אונדזער אַרבעט אום-צוענדערן דעם סאָציאַלן צוזאַמענשטעל פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג און די דערפֿאלגן פֿון דערדאָזיקער אַרבעט גיבן שוין רעזולטאַטן אַפֿן אידעאלאגישן געביט, אַפֿן געביט פֿון אָפֿענעם געזעלשאַפֿטלעכן פּאָליטישן קאַמף. עס שטאַרבן אָפּ די אַלטע גרופּירונגען און די אלטע, פֿון די דאָרטיקע דוירעס געיאַרשנטע, אידעאָלאגיעס”.

די באַראַטונג האָט אַף אַזאַ אויפֿן געקענט קאָנסטאַטירן, אַז איר אויספֿיר וועגן דער פֿאַרטיפֿטער באלשעוויזירונג, וועגן דעם וווּקס פֿון אידעאלאגישער שטאַנדהאַפֿטיקייט באַ די יידישע מאַסן, וואָס איז געמאַכט געוואָרן בעניגייע ווייסרוסלאַנד, איז ניט קיין ריין אָרטיקע דערשיינונג. דער כ׳ טשעמעריסקי האָט פֿאַרקניפּט די פֿאַרניכטונג פֿון רעשטלעך קליינבירגערלעכע אידעאלאגיע מיט דעם וווּקס פֿון סאָציאַליסטישער בויונג אין לאַנד.

די פֿראַגע וועגן אידעאלאגישער אַרבעט, אין צוזאַמענהאַנג מיט די פֿאַרשיידענע שוועריקייטן אין דער סאָציאַליסטישער בויונג, האָט ניט געקענט בלייבן אויסער דער אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער באַראַטונג. וועגן איר האָט גערעט דער כ׳ ביילין, מע האָט זי אונטערגעשטראָכן אין די פֿראַגן פֿון קולטור-רעוואָלוציע. באַצייכענענדיק אין די קאנסטאטירנדיקע טיילן פֿון די רעזאָלוציעס איבער די פֿארטראגן פֿון די כ״כ ביילין און טשעמעריסקי גרויסע דערגרייכונגען אין זין פֿון באָלשעוויסטיש דערציען די אַרבעטער-מאַסן און באַצייטנס דערקלערן אַ קאַמף די קליינבירגערלעך-נאַציאָנאַליסטישע און נאַציאנאַל-באָלשעוויסטישע שטימונגען, ווייזן אָן די רעזאָלוציעס אף דער נויטיקייט ווייטער צו:

„פֿאָרזעצן די סיסטעמאַטישע אַרבעט פֿון דערציען אין באָלשעוויסטישן גייסט די יידישע אַרבעטער-מאַסן, אויפֿקלערן די באַשלוסן פֿון 15-טן צוזאַמענפֿאָר פֿון אַל.ק.פּ.(ב) און פֿון 11-טן צוזאַמענפֿאָר פֿון ק.פּ.(ב)וו. פֿירנדיק אן אומופֿהערלעכן קאַמף מיט די פֿאַרשיידענע אָפּנויגן אין דער פֿאָרם פֿון נאַציאנאַליזם און טראָצקיזם”.

אין סאַכאַקל האָט די באַראַטונג פֿון יידישע טוער באַם צ.ק.ק.פּ.(ב)וו. אָנגעמערקט די גרונט-אויפֿגאַבן אַפֿן נאָענטסטן פּעריאָד. אין צענטער, ווי מיר האָבן געזען, שטייען פֿראַגן פֿון עקאָנאָמישער בויונג און קולטור-רעוואָלוציע. דער פֿאַרנעם פֿון דער אַרבעט ווערט ברייטער, די באַדינגונגען—קאמפּליצירטער. אן ענערגיש-פּולסירנדיקע אַרבעט איז איצט נאָך מער ווי אַלעמאָל נויטיק, קעדיי פֿרוכטבאַר אנפֿירן די אָנגעמערקטע דירעקטיוון.

אי. ל. גארמיזע.

# סאכאקלען פֿון צוזאמענפֿאָר פֿון יידישע פויערים אין ווייסרוסלאנד.

דער צווייטער אַלווייסרוסלענדישער צוזאַמענפֿאָר פֿון יידישע פויערים האָט געאַרבעט פֿון 20-ביז 24-טן יאַנוואַר.

די גרונט-אופֿגאַבע פֿון צוזאַמענפֿאָר איז געווען: אונטערפֿירן מיט דער הילף און אַקטיוון אַנטייל פֿון די יידישע פויערים אַ סאַכאַקל פֿון דער ערד-איינאָרדענונג, לייזן די פּראָבלעמען און אָנמערקן די וועגן, אַף וועלכע ס'דאַרף גיין די ווייטערדיקע אַר-בעט פֿון צוציען יידן צו ערד-אַרבעט.

די קאָלאָסאלע אַקטיווקייט פֿון די דעלעגאַטן (אַפֿן צוזאַמענ-פֿאָר זיינען געווען ביז 200 מענטשן און קימאַט דורכויס פויערים), אַזוי אויך די באַשטימונגען פֿון צוזאַמענפֿאָר איבער באַזונדערע פֿאָרטראגן, האָבן באַוויזן, אַז אין גרונט האָט דער צוזאַמענפֿאָר זיינע אופֿגאַבן אויסגעפֿילט. און דאָס זאָגט איידעס פֿאַר דעם, אַז די יידישע פויערים-מאַסע, וועלכע שטאַמט אין איר מערהייט פֿון שטעטל, דער געוועזענער דעקלאַסירטער עלעמענט, וועל-כער איז פֿריער געווען נייטראַליזירט פֿון דעם אַלגעמיינעם ווירטשאַפֿטלעכן און פּאָליטישן לעבן פֿון אונדזער לאַנד, האָט אין גרונט אופֿגענומען די אידייען פֿון דער סאָציאַליסטישער בויונג.

דער צוזאַמענפֿאָר האָט געהאַט אַ גוואַלדיקע דערציערישע באַדייטונג. דערדאָזיקער צוזאַמענפֿאָר האָט קלאָר און בוילעט באַ-וויזן די יידישע פויערים, אַז מיט דעם, וואָס זיי האָבן זיך גע-שטעלט מיט דער הילף פֿון דער פּאַרטיי און דער סאָוועטן-מאַכט אַפֿן וועג פֿון נוצלעכער אַרבעט, טראָגן זיי אריין זייער כיילעק אין דער סאָציאַליסטישער בויונג פֿון לאַנד. גלייך מיט אַלע אַר-בעטנדיקע באַקומען זיי די מעגלעכקייט אַנטיילנעמען אין דער אָנפֿירונג מיט דער מעלוכע, און אַזוי אַרום ווערן זיי אריינגעצויגן אין דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער געזינד פֿון די אַרבעטנ-דיקע.

די צאָל דעלעגאַציעס פֿון אַרבעטער, פֿון פויערים, פֿון דער רויטער אַרמיי, און פֿון קוסטאַרן, וועלכע האָבן באַגריסט די יידי-שע פויערים, האָבן אַריינגעטראָגן אַ גרויסע אופֿמונטערונג אַפֿן צוזאַמענפֿאָר. און דאָס אַליין איז געווען דער בעסטער באַווייז, אַז די ברייטע אַרבעטער-פויערישע מאַסן באַווילקן אינגאַנצן די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פֿון דער סאָוועטן-מאַכט, וועלכע צוברעכט אַלע צאַמען, וואָס שטערן דער אַנטוויקלונג פֿון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. כוץ דעם, קען מען ניט פֿאַרבייגיין דעם פֿאַקט, וואָס סאַי מיצאַד דער רעגירונג פֿון וו.ס.ס.ר. און אויך פֿון דער ברייטער געזעלשאַפֿטלעכקייט איז דער צוזאַמענפֿאָר געווען אַרומגערינגלט מיט אַ באַזונדערער אופֿ-מערקזאמקייט און וואַרעמקייט.

דאַס אַלץ האָט נאָכאַמאָל באַוויזן דער יידישער פויערישער באַפֿעלקערונג, אַז די זאַך פֿון איינאָרדענען די יידישע אָרעמקייט אַף ערד האָט באַגעגנט אַ גרויסע שטיצע און אַ גרויסע פֿאַרינ-טערעסירטקייט פֿון אַלע שיכטן פֿון דער סאָוועטישער פּראָלעטאַ-רישער געזעלשאַפֿטלעכקייט.

די סאכאקלען פֿון איינאָרדענען יידן אַף ערד אין וו.ס.ס.ר. פֿאַר די לעצטע דריי יאָר, ד. ה. פֿון דעם ערשטן צוזאמענפֿאָר פֿון יידישע פויערים, וועלכער איז צונויפֿגערופֿן געוואָרן אין עט-לעכע כאַדאָשים אַרום נאָכדעם, ווי ס'האָט זיך אָרגאַניזירט דער קאָמזעט און נאָכדעם ווי ס'זיינען געענדערט געוואָרן די אַרט. פֿון ערד-קאָדעקס אין דער הינזיכט, וואָס די יידישע באַפֿעלקע-רונג, אין פּראַט פֿון רעכט אַף ערד, איז פֿאַרגלייכט געוואָרן צו דער האָרעפּאַשנער פויערטום, וואָס פֿאַרמאָגט ווייניק און גאָר קיין ערד ניט, דריקן זיך אויס אין פֿאָלגנדיקעס:

| | צאָל געזינדן | צאָל העקט. | פֿון זיי אין קאָלווירטשאַפֿטן: צאָל קאָלווירט. | צאָל געזינדן. | צאָל העקט. |
|---|---|---|---|---|---|
| אין 1924 י. . . | 5084 | 31849 | 45 | 333 | 5341 |
| אין 1927 י. (אַף X/—). | 7951 | 53930 | 169 | 1399 | 20686 |
| צוגעקומען. | 1867 | 22081 | 124 | 1066 | 15345 |

אַזוי אַרום זעען מיר, אַז פֿאַר דריי יאָר זיינען צוגעקומען 1066 געזינדן, וועלכע זיינען פֿאַראייניקט אין 125 קאָלווירטן און 801 געזינדן יעכידים אַף אַן ערד-שעטעך פֿון 6727 העקטאר, פֿון וועלכע העכער 300 געזינדן זיינען איינגעאָרדנט אין יישווים.

כוץ דער צאָל געזינדן וואָס זיינען איינגעאָרדנט אין וו.ס.ס.ר., האָט זיך איינגעגעבן צוציען צו ערד-אַרבעט, דורך איבערוואַנדע-רונג אין די ראַיאָנען פֿון מאַסאָווער קאָלאָניזאציע (צאָפֿן-קרים)— 1926 געזינדן. אַזוי אַרום איז אינגאַנצן אַריבערגעפֿירט אַף ערד-אַרבעט—3163 געזינדן. נאָר כוץ אָרגאַניזירן נייע ווירטשאַפֿטן איז פֿאַר די דריי יאָר אָפּגעטאָן געוואָרן אַ גרויסע אַרבעט אַף פֿאַר-שטאַרקן יענע יידישע ערד-ווירטשאַפֿטן, וועלכע האָבן זיך אָר-גאַניזירט סטיכעיש אין די ערשטע יאָרן פֿון דער רעוואָלוציע און האָבן ניט געקענט פֿאַרעכנט ווערן ווי ווירקלעך עקזיסטירנדיקע ווירטשאַפֿטן.

אַדאַנק דער ענערגיע פֿון די ניי-באַזעסענע, דער ספּעציע-לער הילף פֿון דער מעלוכע מיט קרעדיטן און אַנדערע פֿאָרמען פֿון הילף און אַזוי אויך די פֿילבאַרע באַציונג מיצאַד די מע-לוכע-אָרגאַנען אַף די ערטער, האָט זיך די ערד-איינאָרדענונג, ווי אַ מאַסמיטל אַף געזונט מאַכן די ווירטשאַפֿטלעכע לאַגע פֿון דער יידישער אָרעמקייט, באַרעכטיקט. אין ווייסרוסלאַנד פֿאַרמאָגן מיר אַ גאַנץ באַדייטנדן שיכט יידישע פויערים, אַ גרויסער טייל פֿון וועלכע ס'האָט זיך איינגעלעבט און צוגעפּאַסט צו דער נייער אַרבעט. דידאָזיקע יידישע מאַסן זיינען ניט נאָר, אין פֿולן זין פֿון וואָרט, ערד-אַרבעטער, זייערע ווירטשאַפֿטן קען מען אַפֿילע אין אַ געוויסער מאָס פֿאַררעכענען אַלס פֿאַרויסגעשריטענע. די קאָלעקטיווע פֿאָרם פֿון ווירטשאַפֿט, וואָס האָט זיך אַנגעמערקט באַ די יידישע פויערים, האָט זיך אין אַלגעמיין באַרעכטיקט און אין גרונט דערוויזן איר לעבנפֿעיקייט.

דאָס קאָלעקטיוויזירן די פּראָדוציר-פּראָצעסן האָט זיך אַרויס-געוויזן ווי אַ גרויסע טרייב-קראַפֿט אַפֿן געביט פֿון אָרגאַניזירן די ווירטשאַפֿט. די פֿאַרגעזעלשאַפֿטלעכקייט דריקט זיך אויס אַזוי: א) איינגאַנצן איז די פּראָדוצירונג פֿאַרגעזעלשאַפֿטלעכט אין 60 פּראָצ. פֿון ווירטשאַפֿטן, ב) קימאַט איינגאַנצן 6 פּראָצ. און ג) מיט פֿאַרגעזעלשאַפֿטלעכן נאָר די פֿעלד-ווירטשאַפֿט 24. די פֿאַרבע-סערטע מעטאָדן פֿון איינפֿירן די ווירטשאַפֿט נעמען אויף אַסאַך גרינגער די קאָלעקטיווע ווירטשאַפֿטן. אין פֿאַרגלייך מיט די פוי-ערישע ווירטשאַפֿטן ווערט עס קלאָר אין דער צווישנבאַציונג פֿון די קולטורן און פֿאַרזייונגען.

| | אף 100 דעסיאַט. פֿון דעם גאַנצן פֿאַרזיי-שעטעך איז אויסגעקומען פֿאַרזייטע. | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | ווינטער-קאָרן | זומער-פּאַרזיי | באָבן אף זוימען | קלעווער | זומער-גראָזן | בולבע | לײן | אנר. |
| יידישע קאָלעקט. 1926 יאָר. | 30 | 31 | 3,5 | 14,7 | 6,6 | 13,7 | 0,5 | — |
| פויערישע ווירטשאַפֿט | 39,9 | 29,4 | 2,4 | 2 | 3 | 12,7 | 3,7 | 6,9 |
| יידישע קאָלעקט. 1927 יאָר. | 26,5 | 30,9 | 2,6 | 19,2 | 5,2 | 15,3 | 0,3 | — |
| פויערישע ווירטשאַפֿט | 39,9 | 28 | 2,8 | 2,2 | 2,9 | 13,2 | 4,1 | 6,9 |

דאָס, וואָס אין די פֿאַרזייונגען פֿאַרנעמען א גרויסן אָרט גראָזן און וואָרצל-פֿרוכטן, זאָגט אײדעס וועגן דעם, אַז די ווירט-שאַפֿטן האָבן אַ נייגונג אין דער ריכטונג פֿון פֿיצוכט און מאַרק-ווירטשאַפֿטן.

עס פֿאַרבעסערט זיך דער מעטאָד פֿון שפּייזן און אונטער-קלייבן די סטאַדע. עס וואַקסט די איבעראַרבעטונג פֿון מילך-פּראָדוקט, פּוטער און קעז. עס מערקט זיך אָן אַ וווּקס פֿון דעם וואָילשטאַנד פֿון די מיטגלידער פֿון אַרטעלן. דער געברויך-כעשבן אַף איין געזינד אין 1927 יאָר דריקט זיך אויס דורכשניטלעך אין 31 רובל. עס וואַקסט די בויונג אין די ווירטשאַפֿטן. עס זיינען אָרגאַניזירט געהילף-אונטערנעמונגען, וועלכע זיינען אין אַ באַ-דייטנדער מאָס פֿאַרבונדן מיט דער לאַנדווירטשאַפֿט.

אַפֿן געביט פֿון איבערוואַנדערונג און וווּקס פֿון דער יידי-שער לאַנדווירטשאַפֿט האָבן גאָר א באַזונדער ראָל געשפּילט די קרעדיטן פֿון דער מעלוכע. אין 1925 יאָר איז אָפּגעלאָזן געוואָרן 180 טויזנט ר. אין 1926 יאָר—150 טויזנט ר. און אין 1927—370 טויזנט ר. צו דער צייט פֿון צוזאַמענפֿאָר דערגרייכן די כויוועס פֿון די קאָלעקטיווע ווירטשאַפֿטן נאָענט צו 565 טויזנט ר. דורכ-שניטלעך טרעפֿט עס אָן אַף איין ווירטשאַפֿט—3322,7 ר. אַף יע-דער געזינד—403 ר. און אַף יעדער הונדערט דעסיאַטין ערד—2742 ר.

ווי אַזוי די קרעדיטן ווערן אויסגענוצט איז קענטיק פֿון די פֿאָלגנדע באַזינגלעכע און אַבסאָלוטע ציפֿערן, נעמענדיק אין אַכט די כויוועס פֿאַר הונדערט פּראָצ.:

| ארבעט-פֿי. | לאנדווירטש. אינווענטאר. | געביידעס. | מעליאָראַציע. | זוימען. | הערנער-פֿי. | פּראָדוקצ. | פּיטאַמניק. | מילכיקס. | פֿאַרשיידענע. | צוזאַמען. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 71147 | 34441 | 178889 | 17108 | 16594 | 118363 | 36843 | 6100 | 21038 | 64335 | 564858 |
| 13% | 6% | 32% | 3% | 3% | 21% | 6% | 1% | 4% | 11% | 100% |

פֿונדעסטוועגן דאַרף מען אונטערשטרייכן, אַז דער פֿאַקט, וואָס אין בויונג זיינען אַריינגעלייגט באַדייטנדע סומען געלט-דערווייזט, אַז די יידישע פויערים פֿילן זיך שטיף און זיכער אין די נייע באַדינגונגען פֿון ערד-אַרבעט.

אין רעזולטאַט פֿון די ווירטשאַפֿטלעכע דערגרייכונגען אין פֿאַראַן אַ גאַנץ באַפֿרידיקנדע פֿאַרהעלטעניש אין דער סטרוקטור פֿון די קאַפּיטאַלן, וועלכע שטעלט מיט זיך פֿאָר פֿאָלגנדיקעס:

| פֿון דער אַלגעמיינ. סומע געלט-מיטלען קומט אויס. | | | פֿ ו ן ז ״. | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אייגענע. | האַלוואָעס. | מעלוכישער ערד-פֿאַר-מעגן. | אין געביי-דעס. | אין אַר-בעט-פֿי. | אין הערנער פֿי. | אין אַנדערע פֿי. | אין טויטן אינווענטאר. | |
| 3092 | 4733 | 3604 | 4729 | 1605 | 2760 | 447 | 1888 | 11429 |

ניט האָבנדיק אַפֿילע אין רעשוס די פֿאַקטישע יעדיעס פֿון 1927 יאָר, קען מען דרייסט זאָגן, אַז פֿאַר דעם פֿאַריקן יאָר האָט זיך די פֿינאַנציעלע לאַגע נאָך מער פֿאַרשטאַרקט. באַם אָרגאַניזירן די ווירטשאַפֿטן איז דורכשניטלעך אַריינגעלייגט געוואָרן צו 172 ר. אַף אַ געזינד. פֿאַר דריי יאָר פֿון זייער עקזיסטענץ האָבן די קאָל-

ווירטשאַפֿטן פֿאַרגרעסערט, אומגעפֿער, אינדרייען זייערע אייגענע מיטלען.

פֿריער האָט מען געקענט באַמערקן אין אַ גרויסער מאָס, אַז דער צושטאַנד פֿון די אַרטעלן פֿלעגט זיך שטענדיק בייטן. אַסאַך מיטגלידער פֿלעגן ארויסטרעטן און זייערע ערטער פֿלעגן פֿאַרנעמען נייע. דיזעלבע דערשיינונג באַמערקט זיך אַפֿילע איצט אויך, נאָר ניט אין אַזאַ מאָס ווי פֿריער. אין יעדער אַרטעל איז שוין איצט פֿאַראַן אַ שטייפֿער יאָדר פֿון אַזוינע מענטשן, וועלכע האָבן זיך ענג צונויפֿגעלעבט צווישן זיך.

דער צוזאַמענפֿאָר האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו קאָנסטאַטירן, אַז ס'מערקט זיך אָן אַ פּראָצעס צו פֿאַרשטאַרקן די ווירטשאַפֿטן, וועלכע האָבן זיך אָרגאַניזירט אין יישובֿים (אין 1926 י.) עס ווערן ענערגיש געבויט נייע געביידעס און ס'ווערן אויך אויסגעניצט די ערד-שעטכן, וועלכע זיינען זיי אָפּגעגעבן. אין אַ מער שווערערער לאַגע געפֿינען זיך די יעכידים, וועלכע זיינען צוואָרפֿן. דעריבער זיינען זיי ניט באַדינט געוואָרן דורך דעם אַגראָ-אינסטרוקטאָרישן פּערסאָנאַל און ניט באַקומען קיין קרעדיטן. צוליב זייער ניט אָרגאַניזירטקייט עקזיסטירן נאָך בײַ זיי די אָפּגעשטאַנענע פֿאָרמען פֿון לאַנדווירטשאַפֿט, און דערפֿאַר גיט זיי ניט די ווירטשאַפֿט דעם מינימום, וועלכער איז נויטיק קעדיי דורכלעבן זיך.

אָט דערדאָזיקער בלויז האָט זיך געפֿילט אין די אַרויסטרעטונגען אַפֿן צוזאַמענפֿאָר.

זייער אַסאַך אויפֿמערקזאַמקייט האָט געלייגט דער צוזאַמענפֿאָר אַף די שוועריקייטן, וועלכע שטייען אַפֿן אַנטוויקלונג-וועג פֿון דער יידישער ערד-איינאָרדענונג און יענע פֿעלערן, וועלכע זיינען אָן צווייפֿל, פֿאַראַן און נאָך ניט אויסגעלעבט אין אַזאַ קאָמפּליצירטער היסטאָרישער אַרבעט.

די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון צוזאַמענפֿאָר איז געווען געווענדעט אַף די מאָסמיטלען צו אויסלעבן די פֿעלערן און פֿאַרשטאַרקן די עקזיסטירנדע ווירטשאַפֿטן. אין לעבן פֿון די קאָלעקטיוון פֿאַרנעמט נאָך אַדהאיעם אַן אָרט דאָס, וואָס דער באַשטאַנד בייט זיך זייער אָפֿט און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם בלייבן די קאָלעקטיוון ניט פֿאַרפֿולט. אָפֿט באַמערקן זיך אַזוינע פֿאַלן, ווען די קאָלעקטיוון ווערן פֿאַרכאַפּט פֿון אַזאַ פּראָדוקציע, וואָס איז גאָרניט פֿאַרבונדן מיט דער לאַנדווירטשאַפֿט. און אַזוינע פּראָדוקציעס זיינען געווען די סיבע פֿון צורוקיזירונג אין דער ווירטשאַפֿט. ס'ווערט שוואַך אויסגעניצט דער אייגענער אַרבעט-קויעך. שוואַך ווערט אויסגעניצט דער אַרבעט-קויעך פֿון די פֿרויען אין די ווירטשאַפֿטן. ס'זיינען נאָך ניט געשאַפֿן געוואָרן די באַדינגונגען, וועלכע זאָלן פֿאַרינטערעסירן די אונטערוואַקסנדיקע יוגנט מיט דער ווירטשאַפֿט, און דאָס ברענגט אָפֿטמאָל צו דעם, אַז אייניקע גייען אַוועק זוכן אַנדערע פֿאַרנאָסעס.

די גערעטענישן ליידן מיט דעם, וואָס אין זיי פֿעלט אַ שטענדיקייט און זיי זיינען ניט גענוגנד, כאָטש זיי זיינען אַפֿילע ניט נידעריקער פֿון די פֿויערישע, מען קען עס זען פֿון די פֿאָלגנדיקע ציפֿערן:

| | די גערעטעניש פון איין דעסיאַטין, אין פודן | | | |
|---|---|---|---|---|
| | ווינטער-קאָרן | גערשטן | האָבער | בולבע |
| 1925 יאָר | | | | |
| פֿויערשע ווירטשאַפֿטן . . . . | 46,8 | 50,8 | 51,6 | 561 |
| יידישע קאָלעקטיוון . . . . | 53 | 47 | 43 | 583 |
| 1926 יאָר | | | | |
| סאָווכאָזן . . . . . . . | 50,7 | 55,1 | 37,9 | 525 |
| פֿויערישע ווירטשאַפֿטן . . . | 38,8 | 44,7 | 39,2 | 636,2 |
| יידישע קאָלעקטיוון . . . . | 39 | 56 | 38 | 800 |

ניט גענוג ווערן אָפּגעהיט די וויכטיקע מאַשינען אין דער ווירטשאַפֿט, און דאָס ברענגט ווידער צו דעם, אַז די קאָסטן פֿון אַמאָרטיזאַציע ווערן טייערער. די ווירטשאַפֿטלעכע שוועריקייטן האָבן זיך באַקומען פֿון דעם, וואָס די באַפֿעלקערונג האָט ניט גענוג גענומען אין אַכט די מעגלעכקייטן פֿון דער ווירטשאַפֿט בייסן איינשטעלן די סומען, וועלכע ווערן ארויסגעגעבן אַף דערנערונג. דער צוזאַמענפֿאָר האָט באַוויזן, פֿאַר דער צייט פֿון זיין אַרבעט, אָנווייזן אַף נאָך אייניקע טעכנישע פֿעלערן ווי צ.ב. דאָס, וואָס ס'איז שלעכט אַוועקגעשטעלט דער דיסקאָנט און די באַריכט-געבונג, אָפֿטמאָל ניט קיין געהעריקער צונויפֿריידן זיך אין די צווישנבאַציִונגען פֿון די מיטגלידער פֿון די קאָלווירטן, באַזונדערע פֿעלערן אין איינפֿירן די ווירטשאַפֿט. אין דער אָנפֿירונג מיט די קאָלעקטיוון זיינען שוואַך אריינגעצויגן די אויסגעקליבענע טוער א.א.וו. און דאָס אַלץ, אינאיינעם גענומען, לייגט אַרוף אַ געוויסן שטעמפּל אַף דער אַנטוויקלונג פֿון דער ווירטשאַפֿט.

אַפֿן צוזאַמענפֿאָר איז אויפֿגעהויבן געוואָרן די פֿראַגע וועגן די צווישנבאַציִונגען פֿון די יידישע פויערים מיט די אָרטיקע מעלוכע-אָרגאַנען. אַן קיין שום צווייפֿל איז אונטערגעשראָכן געוואָרן, אַז ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס אין ווייסרוסלאַנד איז שווער אויפֿזוכן פֿריי ערד-שעטאָכים, איז דאָך דער שנעלער וווּקס פֿון דער צאָל יידישע פויערים געוואָרן מעגלעך, נאָר צוליב דער ענערגיע און פֿאַרינטערעסירטקייט פֿון די געהעריקע ערד-אָרגאַנען און דער אָרטיקער מאַכט. דערצו איז באַוווּסט, אַז די רעזערוון פֿון אַזוינע ערד-שעטאָכים זיינען אין ווייסרוסלאַנד באַגרענעצטע. נאָר פֿונדעסטוועגן דאַרפֿן מיר אונטערשטרייכן, אַז מיצאַד דער אָרטיקער מאַכט איז ניט שטענדיק פֿאַראַן די געהעריקע פֿילבאַרע באַציִונג צו דער יידישער פויערישער באַפֿעלקערונג. ס'באַמערקן זיך פֿאַלן פֿון אַדמיניסטרירן. ס'פֿאַרציט זיך די לייזונג פֿון אַזוינע אינייאָנים, וועלכע קענען ניט לאַנג וואַרטן אַף אַן ענטפֿער און האָבן געדאַרפֿט און געקענט טייקעף געלייזט ווערן. דאָס איז קלאָר געוואָרן אַפֿן צוזאַמענפֿאָר אין די אָנקלאָגעס און מעלדונגען, וועלכע זיינען טייקעף אַפֿן אָרט געלייזט געוואָרן. עס זיינען פֿאַראַן אויך אַזוינע פֿאַלן, ווען אומ-

נאָרמאַלע באַציִונגען שטעלן זיך איין איבער דער שולד פֿון דער באַפֿעלקערונג גופֿע. דער צוזאַמענפֿאָר האָט אונטערגעשטראָכן איִ יענע, איִ די.

די פֿראַגן פֿון קולטור-בויונג האָבן באַקומען אַפֿן צוזאַמענפֿאָר זייער געהעריקן אָרט.

קלאָר, אַז די ברייטע נעץ פֿון שולן און אנדערע קולטור-אופֿקלערערישע אַנשטאַלטן, ווי קרייזלעך, רויטע ווינקלעך, קינדערהאַסלעס און אַנד. איז געוואָרן אומבאַדינגט נויטיק פֿאַר דער ייִדישער פּויערים-באַפֿעלקערונג. די דעלעגאַטן פֿון צוזאַמענפֿאָר האָבן דעמאָנסטרירט זייערע קולטורעלע באַדערפֿעניִשן, וועלכע זיינען גאַנץ גרויסע, ווי בא מענטשן, וועלכע זיינען געקומען פֿון שטאָט אין שטעטל. דער וווקס און די פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער ייִדישער ערד-ווירטשאַפֿט פֿאַרגרעסערט אין א געוויסער מאָס דידאָזיקע באַדערפֿעניִשן. אַף דעם געביט איז אַ געוויסע אַרבעט אָפּגעטאָן געוואָרן, נאָר, פֿאַרשטייט זיך, ווייט ניט קיין באַנוגנדע. עמעס, די קולטור-מעדיצינישע באַציונג פֿון דער ייִדישער פּויערים-באַפֿעלקערונג איז פֿאַרשווערט מיט דעם, וואָס זי איז צוברעקלט און צוּוואָרפֿן.

די לויפֿנדיקע אופֿגאַבן פֿון דער ווירטשאַפֿטלעכער און קולטורעלער בויונג פֿון דער ייִדישער פּויערים-באַפֿעלקערונג דאַרף ארויסרופֿן זעלבסטעטיקייט פֿון דער באַפֿעלקערונג גופֿע באַ דער אַקטיווער שטיצע פֿון די אָרגאַנען, וועלכע פֿירן די אַרבעט אין דאָרף, און אַקטיוון אַנטייל פֿון דער סאָוועטישער געזעלשאַפֿטלעכקייט.

אין פֿראַגן פֿון די ווייטערדיקע פּערספּעקטיוון און די וועגן פֿון איינאָרדענען האָרעפּאַשנע ייִדן אַף ערד, האָט דער צוזאַמענפֿאָר געאַרבעט אין צוויי ריכטונגען. דער באַגרענעצטער רעזערוו פֿון פֿרייע ערד-שעטאָכים האָט אַוועקגעשטעלט די פֿראַגע וועגן אופֿזוכן מער גרעסערע פֿאָנדן פֿאַר דער ייִדישער ערד-איינאָרדענונג. דערצו נאָך, זיינען די כאַלאָקים לויט די פּלעצער געווען ניט באַדייטנדע און צעוואָרפֿן (דורכשניטלעך 100 דעסיאַטין). דאָס האָט געשאַפֿן באַדייטנדע שוועריקייטן אַפֿן געביט פֿון באַדינען מיט אַגראָ-אינסטרוקטאָרישן-פּערסאָנאַל. אויך האָט עס ארייגעטראָגן שוועריקייטן אין באַדינען מיט שולן, מיט מעדיציניש-סאַניטאַרישער הילף א.א.וו.

דער צוזאַמענפֿאָר האָט אנערקענט פֿאַר ריכטיק די ליניע, וואָס איז גענומען געוואָרן אַף אויסזוכן גרויסע דורכויסיקע פֿאָנדן, וועלכע זיינען פֿאַראַן אין ווייסרוסלאַנד אויסשליסלעך היִנטער וואַלדישע און פֿאַרבלאָטיקטע ערדן און וועלכע וועלן באַזעצט ווערן נאָכדעם ווי זיי וועלן געבראַכט ווערן אין געהעריקן צושטאַנד.

דער צוזאַמענפֿאָר האָט באַהאַנדלט דידאָזיקע פֿראַגע אין יענער צייט, ווען דער פֿאָלקאָמערד האָט שוין אָפּגעטאָן אַף דעמדאזיקן געביט אַ באַדייטנדע אַרבעט. 25.000 העקטאַר ערד זיינען שוין אָנגעמערקט אַף ערד-איינאָרדענונג. אין מעשעך פֿון 1928 יאָר רעכנט מען אויסזוכן די איבעריקע 25.000 העקטאַר ערד, וועלכע זיינען אָנגעמערקט לויטן פּלאַן. אַזוי אַרום וועט אַף די צוועקן פֿון דער ייִדישער ערד-איינאָרדענונג אָפּגעגעבן ווערן 50.000 העקטאַר ערד, וואָס דאַרף איינאָרדענען ניט ווייניקער ווי 5000 געזינדן. דאָס, וואָס דער לאַנדווירטשאַפֿט לוינט באַנוצן די אויסגעטריקנטע ערדן, ווערט באַשטעטיקט דורך די יעדיעס פֿון דער בלאָטע-סטאַנציע און דורך דעם אויסגעטריקנטן ערד-שעטעך אין סטאַראָבין.

די גערעטעניש פֿון פֿאַרזייטן גראָז האָט געגעבן אין היינטיקן יאָר אַף דעם אויסגעטריקנטן סטאַראָבינער ערד-שעטעך העכער 500 פּוד היי אַף אַ דעסיאַטין, די גערעטעניש פֿון האָבער—153 פּוד, קרויט—5500 פּוד, טורנעפּס—ביז 6000 פּוד א. א. וו.

פֿון די אָנגעמערקטע פּלענער פֿון דעם פֿאָלקאָמערד פֿון ו. ס. ס. ר. וועגן איבערגעבן אין מעשעך פֿון די נאָענטסטע יאָרן פֿאַר דער ייִדישער ערד-איינאָרדענונג 7500 דעסיאַטין פֿון די וואַלדישע ערדן איז שוין אָפּגעפֿירט 1500 דעסיאַטין פֿון דעמבן-וואַלד. דאָס באַזעצן דעמדאָזיקן ערד-שעטעך, און אויך אַנדערע מער קלענערע מאַסיוון (קאָמאַראָיקער ערד-שעטעך—300 דעסיאַטין, קאַלינקאָוויטשער דאַטשע—400 מיט עפּעס דעסיאַטין) רעכנט מען אָנהויבן פֿון פֿרילינג דעם יאָר.

זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז ס'בלייבט נאָך איבער די אַרבעט פֿון איינאָרדענען ייִדן אַף ערד ווי פֿריִער—אַף באַזונדערע, קלענערע באַלעבטע ערד-שטאָכים.

מיט גרויס ענטוזיאַזם האָט דער צוזאַמענפֿאָר אופֿגענומען די באַשטימונג פֿון אַלפֿאַרבאַנדישן קאָמזעט וועגן פֿאַרפֿעסטיקן פֿאַר דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אַ דורכויסיקן מאַסיוו אַפֿן ווייטן מיזרעך. די באַשטימונג האָט דער צוזאַמענפֿאָר קוואַליפֿיצירט, ווי אַ וויכטיקע געשעעניש, וואָס שטייגט איבער די ביזאהעריקע מאָסמיטלען, וועלכע זיינען אָנגענומען דורך דער סאָוועטן-מאַכט וועגן איינאָרדענען די האָרעפּאַשנע ייִדן אַף ערד, און ביפֿראַט ווי אַ וויכטיקע באַדייטונג אַף ווירטשאַפֿטלעך געזונט מאַכן די ייִדישע אָרעמקייט פֿון ו. ס. ס. ר.

ווי די רעגירונג פֿון ו. ס. ס. ר. איז ניט געגאַנגען ברייט אַנטקעגן דער ווירטשאַפֿטלעכער איינאָרדענונג פֿון די האָרעפּאַשנע ייִדן, וואָס פֿאַר אַ ברייטע וועגן און מעגלעכקייטן האָט ניט געעפֿנט די אָקטיאַבר-באַשטימונג פֿון דער רעגירונג פֿון ו. ס. ס. ר. וועגן אַריינציען די ייִדישע אָרעמקייט אין דער אַלגעמיינער ווירטשאַפֿטלעכער און קולטורעלער בויונג פֿון לאַנד, וועלכע איז שוין איצטער איבערגעגאַנגען אין דער פֿאַזע פֿון איר פּראַקטישער לייזונג, בלייבט דער פֿאַקט, אַז באַפֿרידיקן די גאַנצע באַדערפֿעניש פֿון איינאָרדענען די ייִדישע מאַסן פֿון ו. ס. ס. ר. איז אונדזער רעפּובליק ניט אימשטאַנד ווי אַ לאַנד, וועלכע פֿאַרמאָגט אַן אַגראַר-איבערבאַפֿעלקערונג באַ זיך אַליין. דאָס ווערט באַשטעטיקט מיט דעם, וואָס עס זיינען דאָ קאָנטיגענטן אַף איבערוואַנדערן אויסערן לאַנד.

איבערן פֿאָרטראָג פֿון דעם ווייסרוסלענדישן אָזעט, האָט דער צוזאַמענפֿאָר געהאַט אַ מעגלעכקייט אונטערצושטרייכן די גרויסע אַרבעט, וועלכע איז דורכגעפֿירט געווען מיצאַד די ברייטע שיכטן פֿון דער סאָוועטישער געזעלשאַפֿטלעכקייט און יענע אַקטיווע הילף, וואָס די מעלוכע האָט אָנגעווענדט אין דער ריכטונג

פֿון אַריינציִען אין דער זאַך פֿון איינאָרדענען אַף ערד די יידישע האָרעפּאַשנע מאַסן.

דער אָזעט איז די איינציקע מאַסן-אָרגאַניזאַציע, וועלכע קאָנצענטרירט די אויפמערקזאַמקייט און ענערגיע פֿון די האָרעפּאַשנע מאַסן אַרום דער ערד-איינאָרדענונג פֿון דער יידישער אָרעמקייט.

דער צוזאַמענפֿאָר קאָנסטאַטירט, אַז דער אָזעט אין ווייסרוסלאַנד ווי אַ מאַסן-אָרגאַניזאַציע מיט אַ ברייט צוצווייגטער נעץ פֿון אָפּטיילונגען און קאָמערלעך אַף די ערטער, וועלכע ציילט אַן 8000 מענטשן, איז אַריין אין ענגער באַריִרונג מיט דער יידישער פויערים-באַפֿעלקערונג, און איז געוואָרן נאָענט און פֿילבאַר צו די אינטערעסן פֿון דער יידישער פויערים-באַפֿעלקערונג. אין דער אַלגעמיינער אַרבעט פֿון איינאָרדענען יידן אַף ערד, וועלכע ווערט דורכגעפֿירט אין ווייסרוסלאַנד דורכן קאָמזעט און פֿאָלקאָמערד, האָט דער אַנטייל פֿון דעם ווייסרוסלענדישן אָזעט אָנגענומען אַ גאַנץ ברייטן פֿאַרנעם. זעלבספֿאַרשטענדלעך, אז מיט דעם, וואָס ס'פֿאַרברייטערן זיך און ווערן מער קאָמפּליצירט די פֿאָרמען און מעטאָדן פֿון דער יידישער ערד-איינאָרדענונג אין ווייסרוסלאַנד, פֿאָדערט זיך פֿון אָזעט אַ מער אַקטיווער אנטייל אין דערדאָזיקער אַרבעט מער ווי ביז אַהער. דער אָזעט דאַרף זיך פֿאַרנעמען מיט פֿראגן פֿון סאניטאַרן און קולטורעלן באַדינען די יידישע פויערים-באַפֿעלקערונג. דער צוזאמענפֿאָר פֿאַרשאַרפֿט די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער גאנצער סאָוועטישער געזעלשאפֿטלעכקייט, און אין דער ערשטער ריי פֿון דער יידישער, אַף דער נויטווענדיקייט נעמען אַ מער ברייטערן אָנטייל אין דער אַרבעט פֿון אָזעט, אָנעמען אַלע מיטלען, אַז די אָזעט-לאָטערייע, וואָס ווערט איצט דורכגעפֿירט איבערן גאנצן פֿארבאנד און איבערהויפּט אין וו. ס. ס. ר. זאָל מיט דערפֿאָלג רעאַליזירט ווערן.

די אָזעט-לאָטערייע האָט אַ גרויסע מאָראַלישע און מאַטעריעלע באַדייטונג פֿאַר דער יידישער ערד-איינאָרדענונג א. א. וו.

די גרויסע דערגרייכונגען אין דער יידישער ערד-איינאָרדענונג פֿאַר דעם גאָרניט גרויסן פּעריאָד, אויב אַרויסגיין פֿון דעם היסטאָרישן כאראקטער און דער אויסערגעוויינטלעך קאָמפּליצירטער אויפֿגאַבע, האָבן געבראַכט צו דעם, אז דער אַווטאָריטעט פֿון דעם יידישן פויער איז באַ דער ארומיקער פויערטום אויסגעוואקסן, און דאָס איז דער בעסטער ענטפֿער אַף דעם סקעפּטיזם, וועלכער האָט זיך אין די ערשטע טעג באמערקט באַ א באַזונדערן טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג צו דער מעגלעכקייט, צי די יידישע אָרעמקייט וועט זיך קענען באַהעפֿטן צו לאנדווירטשאפֿטלעכער אַרבעט.

דער צוזאמענפֿאָר האָט אונטערגעשטראָכן די נויטווענדיקייט פֿון ווייטערדיקן פֿארשטאַרקן די יידישע ערד-אַרבעט. די דערגרייכונגען, וועלכע זיינען פֿאַראַן, דאַרפֿן פֿאַרשטאַרקט און פֿארטיפֿט ווערן אַף אזא אויפֿן, אז די יידישע קאָלעקטיווע ווירטשאַפֿטן זאָלן ווערן אַ מוסטער און אָנשפּאַר-פּונקט אפֿן געביט פֿון קאָלעקטיוויזירן די פויערישע באפֿעלקערונג, די אינעווייניקסטע פֿאַרשטארקונג פֿון די קאָלעקטיווע פֿאָרמען אין דער יידישער ערד-ארבעט דאַרף גיין אין דער ריכטונג פֿון מאשיניזירן די ווירטשאפֿט, פֿון פֿארשטארקן דעם וווּקס פֿון די שטענדיקע קאַפּיטאלן, פֿון צוגרייטן קוואליפֿיצירטע אָנפֿירער, פֿון אריינציען אין דער בויונג פֿון דער ווירטשאפֿט א. א. וו.

אין א גרעסערער מאָס, ווי ביז איצטער, דאַרף באדינט ווערן דער פויער-דער יאָכיד—אין דער ריכטונג פֿון קרעדיטן, פֿון ערד-איינאָרדענונג א. א. וו.

די קאָלעקטיווע פֿאָרמען דאַרפֿן איינגעוואָרצלט ווערן אויך צווישן די יעכידים.

מ. באַראַן

# אונדזערע ווירטשאַפֿטלעכע פּערספּעקטיוון.

די עקאָנאָמישע פּאָליטיק פֿון דער סאָוועטנמאַכט ווערט פֿאַרווירקלעכט סײַ אין טאָגטעגלעכן לעבן און סײַ אין אַ סיסטעם פֿון מאָסמיטלען, וועלכע ווערט אָנגערופֿן ווירטשאַפֿט-פּלאַן.

די ערשטע אויפֿגאַבע פֿון פּערספּעקטיוו-פּלאַן פֿון דער אַל-פֿאַרבאַנדישער פֿאָלקווירטשאַפֿט איז—פֿאַנאַנדערטײלן די פּראָדוציר-קויכעס, וועלכע געפֿינען זיך אין לאַנד אַזוי, אַז ס'זאָל פֿאַרזיכערט זײַן זייער נאָרמאַלע אַנטוויקלונג, קעדיי צו פֿאַרבעסערן די לאַגע פֿון די אַרבעטנדיקע מאַסן און גיכער צו דערגרייכן דעם סאָציאַליזם. זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז אַזוי ווי מיר געפֿינען זיך אין אַ קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג, איז איינע פֿון די וויכטיקסטע אויפֿגאַבן אונדזערע—פֿאַרזיכערן די שוץ-פֿעיִקייט פֿון לאַנד.

פֿון דעם אַליין איז שוין קלאָר, אַז די פּערספּעקטיווע ווירטשאַפֿט-פּלענער שטעלן פֿאַר זיך ניט נאָר טעכנישע אויפֿגאַבן, נאָר זיי זײַנען וויכטיקע סאָציאַלע דאָקומענטן. נאָך מער, זיי זײַנען געוויסע טיילן פֿון דער פּאַרטיי-פּראָגראַם, אַף וויפֿיל זיי שטעלן פֿאַר אויפֿגאַבן דורכצופֿירן אין לעבן דאָס, וואָס די פּאַרטיי-פּראָגראַם האָט געשטעלט אַלס ציל.

עס זײַנען דאָ דרייערליי פּערספּעקטיווע ווירטשאַפֿט-פּלענער. איינער ווערט צונויפֿגעשטעלט אַף אַ יאָר, דאָס זײַנען די קאָנטראָל-ציפֿערן. אַ צווייטער אַף פֿינף יאָר, מיר רופֿן אים אָן: דער פּערספּעקטיווער ווירטשאַפֿט-פּלאַן. מיר האָבן נאָך פּלענער, וואָס ווערן צונויפֿגעשטעלט אַף 15 יאָר, דאָס זײַנען די „גענעראַל-פּלענער".

די קאָנטראָל-ציפֿער גיבן אַ געוויסן פּראָגנאָז, וואָס אין קומענדיקן יאָר דאַרפֿן מיר דערוואַרטן אין ווירטשאַפֿטלעכן לעבן און דעריבער וועלכע מאָסמיטלען מיר דאַרפֿן אָננעמען. די קאָנטראָל-ציפֿערן זײַנען געוויסע דירעקטיוון פֿון דער ווייטערדיקער אַרבעט פֿאַר אַלע ווירטשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס אין אונדזער לאַנד. זיי זײַנען אָבער ניט גענוג. אונדזער ווירטשאַפֿטלעכער לעבן האָט זיך אַזוי ווייט אַנטוויקלט, אַז מיר קענען זיך ניט באַפֿרידיקן נאָר מיט אָנמערקן מאָסמיטלען אַף איין יאָר. דורכפֿירן אַ ריי ווירטשאַפֿטלעכע מאָסמיטלען קען דויערן אַסאַך מער ווי איין יאָר. מיר וועלן נעמען אַלס בײַשפּיל די בויונג פֿון אַ נייער גרויסער פֿאַבריק, אָדער דאָס אויפֿבויען די אייזנבאַן-ליניע סיביר—טאַשקענט. דעריבער טאַקע ווערט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן אַף 5 יאָר און אַ גענעראַל-פּלאַן אַף 15 יאָר.

מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אַפֿן פֿינפֿיאָריקן פּלאַן פֿון סאָוועטן-פֿאַרבאַנד, וועלכער איז אַפֿילע ניט אינגאַנצן פֿאַרענדיקט, אָבער דאָך ווייזט ער אָן די קאָנטורן, לויט וועלכע אונדזער פֿאָלקווירטשאַפֿט וועט זיך אַנטוויקלען, דער 15-טער פּאַרטיי-צוזאַמענפֿאָר האָט געגעבן אַ ריי דירעקטיוון, וועלכע גיבן די מעגלעכקייט פֿאַרענדיקן און צושטעלן אַף צו באַשטעטיקן דעם פּלאַן צום סאָוועטן-צוזאַמענפֿאָר.

דער פֿינפֿיאָריקער ווירטשאַפֿט-פּלאַן כאַפּט אַרום די יאָרן פֿון 1927-28 ביז 1931-32

וועלכע אויפֿגאַבן שטעלט פֿאַר זיך דער פּלאַן?

דער „אויפֿשטעלונג-פּעריאָד" האָט זיך פֿאַרענדיקט, אַזוי אַרום האָבן מיר שוין פֿאַרדעקט די כויוועס וואָס די רעוואָלוציע און בירגער-קריג האָבן געמאַכט. איצטער קומט אויס צו צאָלן פֿאַר אַלטע אווירעס.

די פּראָדוציר-טעכנישע און טראַנספּאָרט-רעזערוון, וועלכע מיר האָבן אָפּגעיאַרשנט פֿון דער אַלטער רוסלאַנד, זײַנען זייער ניט גענוג, קעדיי צו באַפֿרידיקן די נויטיקע באַדערפֿענישן פֿון לאַנד. זיי זײַנען ניט געווען גענוג אויך פֿאַר דער רעוואָלוציע און מ'האָט דעריבער דעמלט אַריינגעפֿירט אַ סאַך סכוירע פֿון אויסלאַנד.

די קולטורעלע באַדערפֿענישן פֿון דער באַפֿעלקערונג זײַנען נאָך דער מילכאָמע און רעוואָלוציע אַסאַך פֿאַרגרעסערט געוואָרן. אַריינפֿירן סכוירעס פֿון אויסלאַנד און צאָלן דערפֿאַר אַ גוטע מאַטבייע דער אויסלענדישער בורזשואַזיע ווילן מיר ניט און טאָרן ניט. דעריבער טאַקע איז נויטיק, אַז אונדזער לאַנד זאָל זיך אינדוסטריאַליזירן.

כוץ דעם איז די אינדוסטריאַליזירונג פֿון לאַנד נויטיק, קעדיי מיר זאָלן זײַן זעלבשטענדיק און פֿאַרזיכערט אין פֿאַל פֿון אַ מילכאָמע, וועלכע איז געוויס ניט באַזייטיקט. דעריבער טאַקע דאַרף די אַנטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע טראָגן אויך אַזאַ כאַראַקטער, אַז אין פֿאַל פֿון אַ נויט זאָלן מיר איר קענען איבערפֿירן אַף אַ קריג-צושטאַנד.

די צווייטע אויפֿגאַבע, וועלכע דער פּלאַן שטעלט פֿאַר זיך, איז פֿאַרשטאַרקערן די לאַנדווירטשאַפֿט, די לאַנדווירטשאַפֿט האָט זיך די לעצטע יאָרן גאַנץ גוט אַנטוויקלט, דאָס זעען מיר פֿון פֿאָלגנדע ציפֿער, וועלכע כאַראַקטעריזירן דעם וווּקס פֿון פֿאַרזיי-שטאָכים:

(אין טויזנטער דעסיאַטין)

| 1925 י. | 1926 י. | 1927 י. | דער 1927 יאר אין פּראָצ. צום 1913 |
|---|---|---|---|
| 96.681 | 102.849 | 105.483 | 96,7 |

ד. ה. אַז אין 1927-טן יאָר האָבן די פֿאַרזייונג-שטאָכים דערגרייכט באַ 97 פּראָצ. פֿון די פֿאַרמילכאָמיקע פֿאַרזיי-שטאָכים, עמעס דירדאָזיקע אַנטוויקלונג באַפֿרידיקט אונדז דאָך ניט. אין דעם איז זיכער ניט שולדיק די לאַנדווירטשאַפֿט. אין דער גרעסטער מאָס איז

עס צוליב דער אָפּגעשטאַנענקייט פֿון דער אינדוסטריע. באַ אַן אַנטוויקלטער אינדוסטריע וואָלטן שטאַרק געווען אַנטוויקלט פֿאַרשיידענע טעכנישע קולטורן, וועלכע פֿאָדערן אַ גרויסע צאָל אַרבעטער. די עקסטענסיווע קערנער-ווירטשאַפֿט פֿאָדערט אַ קליינע צאָל אַרבעטער, און דערפֿאַר האָבן מיר אין דאָרף אַן אַגראַרע איבערבאַפֿעלקערונג און אַ גרויסע צאָל אַרבעטלאָזע אין שטאָט.

דעריבער טאַקע שטעלט פֿאַר זיך דער פּלאַן אַלס אויפֿגאַבע פֿאַרשטאַרקן די אַנטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע און אינדוסט-ריאַליזירונג פֿון לאַנדווירטשאַפֿט.

די אַרבעטלאָזיקייט האָט געשטעלט פֿאַר דער רעגירונג די נויטיקייט אויפֿזוכן מיטלען אַף צו פֿאַרקלענערן זי. איינער פֿון די הויפּט-מיטלען איז—דער זיבנשאָיקער אַרבעט-טאָג.

א באַזונדער אָרט פֿאַרנעמט אין פּלאַן די דירע-בויונג. אין משך פֿון פֿינף יאָר דאַרף אַף אַסאַך פֿאַרגרעסערט ווערן דער וואָינונג-פֿאָנד.

א גרויסן אָרט פֿאַרנעמט די טראַנספּאָרט-פֿראַגע, די ווייטער-דיקע אַנטוויקלונג פֿון טראַנספּאָרט דאַרף אויפֿהויבן נייע ראַיאָנען צו אַקטיוון ווירטשאַפֿטלעכן לעבן.

זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז אויך דער האַנדל בכלל און דער אויסערלעכער בפֿרט פֿאַרנעמט ניט דעם לעצטן אָרט אין פּלאַן.

איצט וועלן מיר זיך אָפּשטעלן גענויער אַף צו דערקלערן ווי אַזוי די אויפֿגאַבן ווערן געלייזט.

מ'דאַרף דערביי אָנווייזן, אַז דער אַלפֿאַרבאַנדישער מעלוכע-פּלאַן האָט צונויפֿגעשטעלט צוויי וואַריאַנטן. איינער איז א נאָרמאַלער און איז אויסגערעכנט, אַז אין די פֿינף יאָר וועט אונדזער ווירטשאַפֿט זיך אַנטוויקלען פֿולקאָם נאָרמאַל, דער צווייטער איז אַן אָפּטימאַלער, ד.ה. אַ מאַקסימאַלער, און איז אויסגע-רעכנט, אַז אונדזער ווירטשאַפֿט וועט האָבן די מעגלעכקייט שטאַרק צו אַנטוויקלען זיך, דאָס קאָן טרעפֿן אַדאַנק גוטע גערע-טענישן, גרויסע אַרבעט-פּראָדוקטיווקייט א.א.וו.

אין אַלגעמיין איז דער אונטערשייד צווישן נאָרמאַלן און אָפּטימאַלן וואַריאַנט אַף 7 פּראָצענט. א גרויסער אונטערשייד איז אין בוי-געביט, דער אָפּטימאַלער וואַריאַנט מערקט אָן די קאַפּי-טאַלע אויסגאַבן אַף 4 מיליאַרד רובל מער ווי דער נאָרמאַלער. אַ סאָלידער אונטערשייד איז אויך אין צאָל פֿון פֿאַבריק-פּראָדוק-ציע (אַף 11 פּראָצענט).

פֿאָלגענדע טאַבעלע אילוסטרירט די פֿאָלק-האַכנאָסע אין 1926/27 יאָר און אין 1931/32 יאָר.

א י ן מ י ל י א ן ר ו ב.

| י. 1926-27 | י. 1931-32 | דער 1931/32 י. אין פּראָצענטן צו 1926/27 י. |
|---|---|---|
| 25.074 | 33.520 | 134 |

אַף יעדן מענטשן האָבן מיר פֿאָלגענדע האַכנאָסע:

(א י ן ר ו ב ל)

| י. 1926-27 | י. 1931-32 | דער 1931/32 י. אין פּראָצענטן צו 1926/-27 י. |
|---|---|---|
| 171,5 | 206,0 | 120 |

ווען מיר זאָלן נעמען אין פֿאַרגלייך מיט 1913-טן יאָר, וועט באַטרעפֿן די האַכנאָסע פֿון יעדן מענטשן אין 1931/32 יאָר, לויט די פּרייזן פֿון 1913-טן יאָר אַף 135,4 פּראָצענט מער. דער פּראָצענט וועט זיך פֿאַרגרעסערן, ווען מיר וועלן נעמען אין אַכט, דאָס אין פֿאַרמילכאָמעדיקער פֿאָלק-האַכנאָסע זיינען אויך אַריין די גרויסע פֿאַרדינסטן פֿון פֿאַבריקאַנטן, סאָכרים, פּריצים און נאָך אַזעלכע שיכטן, אַזוי אַרום, אז אין דער עמעסן איז די האַכנאָסע פֿון יעדער פּערזאָן פֿון די אָרעמע און אַפֿילע מיטעלע שיכטען גע-ווען אַסאַך ווייניקער ווי 104 רוב. (דאָס איז די דורכשניטלעכע האַכנאָסע פֿאַר יעדער פּערזאָן אין 1913-טן יאָר). די ציפֿער 206 ר. אָדער 141 ר. פֿאַרמילכאָמעדיקע, אַלס דורכשניטלעכע יאָרלעכע האַכנאָסע פֿאַר יעדער פּערזאָן אין 1931/32-טן יאָר (מ'דאַרף גערענ-קען, אַז מען מיינט דאָ ניט יעדע אַרבעטנדיקע פּערזאָן, נאָר בכלל פּערזאָנען, אין וועלכע ס'ווערן אַריינגערעכנט אויך קינדער, ניט אַרבעטפֿעיקע מענטשן א.א.וו.). איז אַסאַך נעענטער צו דערווירק-לעכקייט, ווי די ציפֿער פֿון 1913-טן יאָר.

די פֿאָלק-האַכנאָסע פֿון דער אינדוסטריע איז אַזאַ:

(אין מיליאָנען רובל)

| וועלכע צווייגן | אין 1926/27 י. | אין 1931/32 י. | דער צוּוואוּקס אין פּראָצענטן צום 1926/27 יאָר |
|---|---|---|---|
| לאַנד-ווירטשאַפֿט . | 12093 | 15551 | +28 |
| אינדוסטריע . . . | 5699 | 7318 | +28 |
| בוי-אַרבעט . . . | 1381 | 2174 | +57 |
| טראַנספּאָרט . . . | 1283 | 2022 | +58 |

פֿון דער טאַבעלע קען מען מאַכן אַן אויספֿיר, אז דער צוּוואוּקס פֿון דער אינדוסטריע איז ניט קיין גרעסערער, ווי דער צוּוואוּקס פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט. אין עמעסן איז די לאַגע אַן אַנדערע, ערשטנס ווייל די בוי-אַרבעט טראָגט אַף 75 פּראָצ. אַן אינדוסט-ריעלן כאַראַקטער, אַזוי אַרום. אז א געהעריקע צאָל פּראָצענטן (75) דאַרף מען פֿון דער בוי-אַרבעט צוגעבן דער אינדוסטריע און די

איבעריקע דער לאַנדווירטשאַפֿט, דאַן וועלן מיר באַקומען פֿאָלגנדע פּראָצענטן פֿון צוּוווּקס.

אין 1931/32־טן יאָר

| | |
|---|---|
| לאַנד-ווירטשאַפֿט . . . . . | +27,5 |
| אינדוסטריע . . . . . | +36,5 |

צווייטנס, דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז די סומען זיינען אויסגערעכנט אין טשערוואָנע רוב. נעמענדיק אין אַכט, אַז דער פּלאַן זעט פֿאָר אַ פֿאַרקלענערונג פֿון די פּרייזן אין מעשעך פֿון 5 י. אף אינדוסטריע-סכוירעס און סטאַבּיליזאַציע פֿון די פּרייזן אף לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקטן, באַקומט זיך, אַז די אינדוסטריע וואַקסט ניט באַדייטנד אויס אין געלט-רעכענונג פֿאַר די 5 יאָר, אין דער צייט, ווען אין נאַטורעלן זין וואַקסט זי שטאַרק אויס. אַז ס'איז אַזוי קענען מיר זען פֿון פֿאָלגנדע ציפֿערן, וועלכע באַווייזן די האַכנאָסע פֿון די 4 הויפּט עלעמענטן אין 1926/27 י. און אין 1931/32 יאָר אין די פּרייזן פֿון 1913־טן יאָר.

(אין מיליאָנען רוב.)

| וועלכע צווייגן | אין 1926/27 י. | אין 1931/32 י. | דער צוּוווּקס אין פּראָצענטן צום 1931/32 יאָר |
|---|---|---|---|
| לאַנדווירטשאַפֿט . | 8238 | 10532 | +28 |
| אינדוסטריע . . | 3349 | 5421 | +62 |
| בוי-אַרבעט . . . | 589 | 1209 | +105 |
| טראַנספּאָרט . . | 1077 | 1489 | +38 |

פֿון דער טאַבעלע זעען מיר, אַז די אינדוסטריע וואַקסט אויס אַפֿילע אָן בוי-אַרבעט אף 62 פּראָצ., אָדער דורכשניטלעך בא 12 פּראָצ. יערלעך. קיין איין קאַפּיטאַליסטישע לאַנד, אַפֿילע אין די בעסטע יאָרן, האָט ניט געגעבן אַזאַ צוּוווּקס.

דאָס קענען מיר באַשטעטיקן מיט פֿאָלגנדע פֿאַקטן:

אין די פֿאַרייניקטע שטאַטן איז דער מיטליערליקער צוּוווּקס פֿון אינדוסטריע-פּראָדוקציע פֿאַרגעקומען אין:

| יאָרן (פֿון—ביז) | דער יערלעכער צוּוווּקס אין %% |
|---|---|
| 1850-1860 | 8,7 |
| 1860-1870 | 7,9 |
| 1870-1880 | 5,8 |
| 1880-1890 | 4,9 |
| 1890-1900 | 4,3 |

דער צוּוווּקס איז, ווי איר זעט, גאַנץ ווייט פֿון די ציפֿער, וועלכע ס'ליגט פֿאַר דער מעלוכע-פּלאַן אין פֿינפֿיאָריקן פּלאַן.

אין צאַרישן רוסלאַנד איז דער יערלעכער צוּוווּקס פֿון אינדוסטריע-פּראָדוקציע פֿאָלגנדער:

| יאָרן (פֿון—ביז) | דער יערלעכער צוּוווּקס אין %% |
|---|---|
| 1890-1895 | 8,2 |
| 1895-1900 | 5,2 |
| 1900-1905 | 2,6 |
| 1905-1910 | 3,6 |

ווי מע זעט, איז דער וווּקס אויך גאַנץ ווייט פֿון דעם, וועלכער איז אַנגעמערקט אין פּלאַן. מע דאַרף דערביי ניט פֿאַרגעסן, אַז אין צאַרישן רוסלאַנד האָבן די אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן אַריינגעלייגט אַסאַך געלט אין דער אינדוסטריע, וואָס אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד טוען זיי עס ניט.

די אינדוסטריע באַקומט אין מעשעך פֿון די פֿינף יאָר אַ גרעסערן אָרט אין דער גאַנצער פֿאָלקווירטשאַפֿט. דאָס באַשטעטיקט זיך מיט פֿאָלגנדע ציפֿער, וועלכע כאַראַקטעריזירן דעם אָרט (אין פּראָצענטן) וועלכע פֿאַרנעמען 4 הויפּט-עלעמענטן אין פֿאָלקווירטשאַפֿט אין 1926/27 יאָר און אין 1931/32־טן יאָר, לויט די פּרייזן אין 1913־טן יאָר.

| וועלכע צווייגן | 1926/27 י. | 1931/32 י. | צוּוווּקס+ אָדער אָפּפֿאַל— |
|---|---|---|---|
| לאַנדווירטשאַפֿט . | 52,3 | 46 | −6,3 |
| אינדוסטריע . . | 21,3 | 23,6 | +2,3 |
| בוי-אַרבעט . . . | 3,7 | 5,3 | +1,6 |
| טראַנספּאָרט . . | 6·8 | 6,5 | −0,3 |

לויטן אָפּטימאַלן וואַריאַנט איז דער צוּוווּקס פֿון דער אינדוסטריע נאָך אַ גרעסערער, אין פֿאַרגלייך מיטן נאָרמאַלן וואַריאַנט וואַקסט אויס די אינדוסטריע נאָך אף 9 פּראָצ. אין דער גאַנצער פֿאָלקווירטשאַפֿט וועט דאַן פֿאַרנעמען די אינדוסטריע אַנשטאָט 23,6 פּראָצענט—24,1 פּראָצענט.

אַ לאַנד, וועלכע בויט סאָציאַליזם, קען זיך ניט באַפֿרידיקן בלויז מיט דעם, וואָס די פֿאָלק-האַכנאָסע וואַקסט יעדן יאָר. מע דאַרף אָבער גלייך שטעלן די פֿראַגע וועלכע סאָציאַלע עלעמענטן וואַקסן? אויך אף דערויף גיט דער פֿינפֿיאָריקער ווירטשאַפֿט-פּלאַן אַן ענטפֿער.

ווי ס'איז שוין געזאָגט געוואָרן געפֿינט זיך קימאַט די גאַנצע אינדוסטריע אין די הענט פֿון דער מעלוכע (98,5 פּראָצ.). דער

פלאַן זעט פאָר פאָלגנדע צוּוווּקסן פוּן סאָציאַליסטישן סעקטאַר אין דער אַלגעמיינער פּראָדוקציע.

| בוי-אינדוסטריע. | פאַבריק און קוסטאַרן-אינדוסטריע. | ה א נ ד ל |
|---|---|---|
| +13,3 | +2,5 | +8,0 |

דערצוּ דאַרף מען געדענקען, אַז דער טראַנספּאָרט געפינט זיך קימאַט אַף די גאַנצע 100 פּראָצ. אין סאָציאַליסטישן סעקטאָר.

די לאַנדווירטשאַפט פאַרנעמט אין סאָציאַליסטישן סעקטאָר אַ קליינעם אָרט. נאָר דאָך דאַרף מען אָנווייזן, אַז מיר האָבן גרויסע דערגרייכוּנגען אין הינזיכט פוּן קאָאָפּערירן דעם פּויער. פוּן 1924/25 יאָר ביז 1926/27 יאָר האָט פאַרגרעסערט דער סאָציאַליסטישער סעקטאָר זיין אַנטייל אין אָפּקויפן באַם פּויער זיינע פּראָדוקטן אַף 27 פּראָצענט און דערגרייכט באַ 86 פּראָצענט פוּן דעם טייל בערעטעניש, וואָס דער פּויער פאַרקויפט. דער פּלאַן זעט פאָר, אַז אין משך פוּן די נאָענטסטע פינף יאָר וועט דער טייל פוּן סאָציאַליסטישן סעקטאָר אין אָפּקויפן באַם פּויער זיין געדעטעניש דערגרייכן איבער 90 פּראָצ., אין רעאַליזירן אַ גאַנצע ריי פּראָדוקטן, ווי פלאַקס, צוקער-בוריקעס א. א. וו., באַטרעפט שוין איצטער דער אַנטייל פוּן סאָציאַליסטישן סעקטאַר קימאַט די גאַנצע 100 פּראָצ.

וועגן דער פּרייזן-פּאָליטיק שטעלט זיך דער פינפיאָריקער פּלאַן באַזונדער אָפּ. דאָס איז פאַרשטענדלעך, ווייל פוּן דעם איז אָפּהענגיק די ווייטערדיקע אינטענסיפיצירונג און אַנטוויקלונג פוּן לאַנדווירטשאַפט און דער צוּזאַמענשלוּס צווישן אַרבעטער און פּויער. פוּן דער צווייטער זייט איז פוּן דעם אָפּהענגיק די מאַטעריעלע לאַגע פוּן אַרבעטער-קלאַס און די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פוּן דער אינדוסטריע.

ווי ס'איז באַוווּסט, האָט די פּאַרטיי גענוּמען די לעצטע יאָרן אַ קוּרס צו פאַרקלענערן די פּרייזן אַף אינדוסטריע-סכוירעס און צונויפדריקן די „שער“, וועלכע איז געווען די לעצטע יאָרן, צווישן די פּרייזן אַף לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן און אינדוסטריע-סכוירעס.

דער פינפיאָריקער פּלאַן מערקט אָן פאַרקירצן די הוּרט-פּרייזן פוּן די אינדוסטריע-סכוירעס אַף 20-21 פּראָצ. און האַנדל-צוּגאָב אַף 23 פּראָצ. אין משך פוּן פינף יאָר דאַרפן די מאַסמיטלען ברענגען צו פוּלקאָמער אויסראָטוּנג פוּן דער „שער“, וואָס דערפאַר קעמפט די פּאַרטיי שוין עטלעכע יאָר.

אָבער די פאַרקלענערונג פוּן די פּרייזן שטעלט פאַר אונדז אַוועק נייע אויפגאַבן. יעדע פאַרקלענערונג ברענגט צוּ דעם, אַז דער אינדוסטריעלער יערלעכער פאַרלוסט קאָסט 150—200 מיליאָן רובל.

דאָס קען מען דערגרייכן נאָר באַ איין באַדינג, ווען ס'וועט זיך אונדז איינגעבן אַראָפּזעצן נאָך אין אַ גרעסערער מאָס—אַף גאַנצע 30 פּראָצענט—די קאָסטן פוּן בויוּנג.

מ'דאַרף באַזונדער אָנמערקן, אַז מיט די פּרייזן אַף בויוּנג איז די לאַגע נאָך ביז דער לעצטער צייט ניט קיין נאָרמאַלע. פאַר די לעצטע צוויי-דריי יאָר איז די בוי-אַרבעט שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרן. אָבער דער קאָסטן איז שטאַרק אויסגעוואַקסן. די פּרייזן זיינען אַפילע איבערגעשטיגן די אינדוסטריע-סכוירעס. די טעכנישע ראַציאָנאַליזירונג פוּן דער בוי-אַרבעט קען אַף אַסאַך ביליקער מאַכן די בוי-אַרבעט.

דער נאָרמאַלער וואַריאַנט פוּן פּלאַן שטרעבט אָפּשפּאָרן פוּן דער בוי-אַרבעט באַ 4 מיליאַרד רובל.

לויט דעם פּלאַן וועט אויך שטאַרק געענדערט ווערן צום גוטן די מאַטעריעלע לאַגע פוּן די אַרבעטער. אין משך פוּן פינף יאָר איז אָנגעמערקט אויפצוּהויבן דעם אַרבעטלוין פוּן די אַרבעטער ווייניקסטנס אַף 26 פּראָצ.

איצט—וועגן דער פּרייזן-פּאָליטיק, ווי עס איז אויסגעדריקט אינם פּלאַן. די פּרייזן אַף לאַנדווירטשאַפטלעכע און אינדוסטריע-פּראָדוקטן וועלן אַראָפּגעזעצט ווערן סיי אין הוּרט און סיי אין איינצל-פאַרקויף אַף פאָלגנדיקן אויפן:

(דער פּרייז אין 1913-טן יאָר, ווערט אָנגענוּמען אַלס 1).

| | 1926/27 יאָר | 1931/32 יאָר | וועלכע ענדערונגען קומען פאָר אין די 5 יאָר (צוּגאָב +, פאַרקלענערונג —). |
|---|---|---|---|
| אין הוּרט-פאַרקויף. | | | |
| לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן . | 1,57 | 1,57 | — 0,0 |
| אינדוסטריע-פּראָדוקטן . . | 1,97 | 1,55 | —21,0 |
| אין איינצל-פאַרקויף. | | | |
| לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן . | 1,89 | 1,78 | — 5,5 |
| אינדוסטריע-פּראָדוקטן . . | 2,12 | 1,60 | —24,5 |

אין אַלגעמיין וועט אַף דער גאַנצער פּראָדוקציע אַראָפּגעזעצט ווערן דער פּרייז אין הוּרט-פאַרקויף אַף 15,7 פּראָצענט און אין איינצל-פאַרקויף אַף 19,6 פּראָצענט. נעמענדיק אין אַכט, אַז פאַר דעם אַרבעטער איז פילבאַר מערסטנטייל דער פּרייז פוּן איינצל-פאַרקויף, קענען מיר קאָנסטאַטירן, אַז דער מיטעלער רעאַלער פאַרדינסט פוּן אַרבעטער וועט זיך אויפהויבן אין די פינף יאָר נאָר אַף 46 פּראָצ. כוּצדעם, דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז דער רעאַלער ווערט פוּן דעם רובל פאַרדינסט, וועלכן ער קריגט איצטער, אַפילע אָן דער הויסאָפּע, וועט זיך אויך פאַרגרעסערן ניט ווייניקער ווי אַף 10 פּראָצענט, אַזוי אַרום וועט אין אַלגעמיין דער אַרבעטער-פאַרדינסט זיך אויפהויבן אַף 57 פּראָצ., ד. ה. אַף דער גרויס, אַף וועלכער, מע דאַרף וואַרטן, עס וועט זיך אויפהויבן די אַרבעט-פּראָדוקטיווקייט.

אין צוּזאַמענהאַנג מיט דער לוין-פראַגע, איז אינטערעסאַנט אָנצומערקן ווי אַזוי יעדער גרופּע אַרבעטער פאַרגרעסערט זייער אַרבעט-פאַרדינסט:

די מעלוכישע אינדוסטריע-אַרבעטער וועלן פֿאַרגרעסערן זייער לוין אין די 5 יאָר (אין טשערוואָנע רובל) אַף 25,7 פּראָצענט, די אַרבעטער פֿון דער איבעריקער אינדוסטריע אַף 24,2 פּראָצ. פֿאַר די איבעריקע אַרבעט-קאַטעגאָריעס וועט דער טעמפּ וואַקסן אַביסל וויניקער, אַכוץ די אַרבעטנדיקע פֿון פֿאָלק-בילדונג און געזונט-פֿאַרהיטונג, פֿאַר וועלכע דער צוּוווּקס-טעמפּ פֿון פֿאַרדינסט איז אָנגעמערקט אין 46 פּראָצענט. פֿאַר די אײַזנבאַן-אַרבעטער וועט דער צוּוווּקס דערגרייכן 28 פּראָצ.

די לוין-פּאָליטיק, וועלכע שטרעבט פֿאַרשטאַרקן דעם צוּוווּקס-טעמפּ און לוין פֿון די קאַטעגאָריעס אַרבעטער, וועלכע זיינען ביז איצטער אין דער הינזיכט אָפּגעשטאַנען, דאַרף מען אָנער-קענען פֿאַר פֿאָלקאָם ריכטיק. אַדאַנק דער פּאָליטיק, וועט מען אין מעשעך פֿון די נאָענטסטע יאָרן אַף אַסאַך פֿאַרקירצן דעם אונטערשייד אין לוין, וועלכן מען באַמערקט איצטער צווישן די אַרבעטער.

זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז אַדאַנק דער ראַציאָנאַליזאַציע, וועלכע וועט ווערן דורכגעפֿירט אין אַלע ווירטשאַפֿטלעכע צווייגן, וועט דער וווּקס פֿון צאָל אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אַף אַסאַך אָפּשטיין פֿון דער פּראָדוקציע-פֿאַרגרעסערונג. אַזוי, צום ביישפּיל, וועט די אַרבעט-פּראָדוקטיווקייט אין דער אינדוסטריע פֿאַרגרע-סערן זיך אַף 57 פּראָצענט, אין דער בוי-אַרבעט וועט די טעג-לעכע פֿאַרגרעסערונג פֿון אַרבעט-פּראָדוקטיווקייט זיך פֿאַרגרע-סערן אַף 23,1 פּראָצענט, אין טראַנספּאָרט אַף 24,5 פּראָצענט, אויך אין האַנדל איז אָנגעמערקט צו פֿאַרגרעסערן די אָנלאַדונג אַף יעדן אָנגעשטעלטן אַף 41,3 פּראָצענט (די פֿאַרגרעסערונג פֿון דער אָנלאָדונג אין האַנדל, רעכנט מען דורכפֿירן אַפֿן רעכענונג פֿון ראַציאָנאַליזירן די האַנדל-נעץ).

מערסטנטייל וועט זיך פֿאַרגרעסערן די צאָל פֿון בוי-אַרבע-טער אַף 115,6 פּראָצענט. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין די פֿינף יאָר וועט זיין אַ פּעריאָד פֿון אַ פֿאַרשטאַרקטער בוי-אַרבעט. די צאָל פֿון די אַרבעטער אין צענז-אינדוסטריע (צענז-אונטערנעמונגען הייסן אַזעלכע אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן אַ מאָטאָר אַף 16 פֿערד-קראַפֿט, אָדער ביז 30 אַרבעטער אָן אַ מאָטאָר) וועט זיך פֿאַרגרעסערן לויטן נאָרמאַלן וואַריאַנט אַף 9,5 פּראָצענט. לויטן אָפּטימאַלן וואַריאַנט, וועט די צאָל פֿון די אַר-בעטער אין דער מעלוכע-אינדוסטריע, וועלכע ווערט פּלאַנירט דורך וו.ס.נ.כ., זיך פֿאַרגרעסערן אַף 23,4 פּראָצ.

פֿאָלגענדע טאַבעלע אילוסטרירט אין פּראָצענטן דעם אַבסאָ-ליוטן וווּקס פֿון אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אין אַלע ווירט-שאַפֿט-צווייגן:

(אין טויזנטער מענטשן).

| יאָר 1927/28 | אין פּראָצ. | יאָר 1928/29 | דער וווּקס אין % צום 27/28 | יאָר 1929/30 | דער וווּקס אין % צום 27/28 | יאָר 1930/31 | דער וווּקס אין % צום 27,28 | יאָר 1931/32 | דער וווּקס אין % צום 27/28 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 10893 | 100 | 11428 | +4,9 | 11952 | +9.8 | 12425 | +14,1 | 12803 | +17,5 |

ווען מיר וועלן אויסשליסן די לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אַרבעטער פֿון דער אַלגעמיינער צאָל, דאַן באַקומט זיך אַזאַ בילד:

(אין טויזנטער מענטשן).

| יאָר 1927/28 | אין פּראָצ. | יאָר 1928/29 | דער וווּקס אין % צום 27/28 | יאָר 1929/30 | דער וווּקס אין % צום 27/28 | יאָר 1930/31 | דער וווּקס אין % צום 27/28 | יאָר 1931/32 | דער וווּקס אין % צום 27/28 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 8791 | 100 | 9262 | +5,4 | 9722 | +8,3 | 10127 | +15,1 | 10437 | +18,7 |

אַזאַ וווּקס פֿון דער צאָל אַרבעטער און אָנגעשטעלטע דאַרף מען אָננעמען פֿאַר זייער אַ גרויסן. דער אָפּטימאַלער וואַריאַנט פֿון פּלאַן מערקט אָן נאָך אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער און אָנגע-שטעלטע. לויטן אָפּטימאַלן וואַריאַנט דאַרף די אַלגעמיינע צאָל אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אין 1931-32 יאָר דערגרייכן 13 מיליאָן און 474 טויזנט מענטשן, ד. ה. א צוּוווּקס אַף 23,6 פּראָצענט אין פֿאַרגלייך מיט 1927-28 יאָר און די צאָל אַרבעטער און אָנגע-שטעלטע, כוץ די לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אַרבעטער, וועט דערגרייכן ביז 11 מיליאָן און 108 טויזנט מענטשן, ד. ה. אַף 26 פּראָצענט.

דער צוּוווּקס פֿון דער צאָל אַרבעטער און אָנגעשטעלטע שטייגט אַסאַך איבער דעם נאַטירלעכן וווּקס פֿון דער באַפֿעל-קערונג.

די באַפֿעלקערונג וועט לויט די אויסרעכנונגען וואַקסן אַפֿן פֿאָלגנדן אויפֿן:

(אין מיליאָנען מענטשן)

| וועלכע באַפֿעלקערונג | יאָר 1927/28 | יאָר 1928/29 | צונאַמ אין % צום 1927/28 | יאָר 1929/30 | צונאַמ אין % צום 1829/28 | יאָר 1930/31 | צונאַמ אין % צום 1927/28 | יאָר 1931/32 | צונאַמ אין % צום 1927/28 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| דאָרפֿישע . . | 122,7 | 124,9 | 1,8 | 127.2 | 3,7 | 129,6 | 5,6 | 132.0 | 7,6 |
| שטאָטישע . . | 26,7 | 27,6 | 3,4 | 28,6 | 7,9 | 29,7 | 11,2 | 30,7 | 15 |
| אַלגעמיינע . . | 149,4 | 152,5 | 2.1 | 155,8 | 4,3 | 159,3 | 6,2 | 162,7 | 9,0 |

מיר קענען קאָנסטאַטירן, אַז די צאָל אַרבעטער און אָנגע-שטעלטע שטייגט איבער דאָפּלט דעם נאַטירלעכן וווּקס פֿון דער באַפֿעלקערונג.

פֿון דער לעצטער טאַבעלע זעען מיר, אַז די שטאָטישע באַ-פֿעלקערונג וואַקסט דאָפּלט אין פֿאַרגלייך מיט דער דאָרפֿישער. דער פֿאַקט ווערט דערקלערט, כוץ מיטן נאַטירלעכן וווּקס, אויך מיט דעם, וואָס דער פּלאַן נעמט אין אַכט, אַז יערלעך וועט אַ דאַנק דער אינדוסטריאַליזאַציע אריבערזעצן זיך פֿון דאָרף אין שטאָט בא 500 טויזנט מענטשן.

ניט קוקנדיק אַף דעם גרויסן וווּקס פֿון דער צאָל אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פֿאַר די פֿינף יאָר, מוזן מיר קאָנסטאַ-

טירן, אז די ארבעטלאָזיקייט וועט פאַר דער צייט נאָך ניט ליקווידירט ווערן. ס'איז אומעגלעך אין אַזאַ קורצער צייט ליקווידירן די איבערבאַפעלקערונג, וועלכע מיר האָבן אין דאָרף. אָבער דאָך וועט די צאָל אַרבעטלאָזע פאַר דער צייט פאַרקירצט ווערן אפילע אין אַבסאָלוטער צאָל אין פאַרגלייך מיט דער צאָל ארבעטלאָזע אין 1927-28 יאָר.

מיר וועלן פאַרענדיקן דעם קורצן איבערזיכט פון פינף יעריקן ווירטשאַפט-פּלאַן מיט אַן אילוסטראַציע, ווי אזוי עס וועט אויסזעען דער סאָציאלער בוי פון אונדזער פאָלק-ווירטשאַפט צום 1931-32 יאָר.

די אלגעמיינע פּראָדוקציע פון דער גאַנצער אינדוסטריע באַטרעפט אין 1926-27 יאָר 13 מיט א האלבע מיליאַרד רוב. (אָן אַקציז) פון זיי געהערט דעם סאָציאַליסטישן סעקטאָר 11 מיליאַרד מיט דריי הונדערט טויזנט רוב. אָדער 83,7 פּראָצענט. אין 1931/32 יאָר וועט די אינדוסטריע-פּראָדוקציע באַטרעפן 17 מיט אהאלבע מיליאַרד רוב. און פון זיי געהערט דעם סאָציאַליסטישן סעקטאָר 86,3 פּראָצענט. דער אנטייל פון פּריוואַטן סעקטאָר פאַלט פון 16,3 ביז 13,7 פּראָצענט.

דערביי דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אז די אינדוסטריע, וועלכע געפינט זיך אין סאָציאַליסטישן סעקטאָר, געהערט צו דער הויפּט-אינדוסטריע און איז קאָנצענטרירט אין די גרעסטע זאַוואָדן און פאַבריקן.

און די אויסגאַבן אַף בוי-אַרבעט האָט דער סאָציאַליסטישער סעקטאָר, אין 1926/27 יאָר פאַרנומען נאָר 54,2 פּראָצענט. אין 1931/32 יאָר וועט ער פאַרנעמען 67,5 פּראָצענט.

אין בוי-אַרבעט, וועלכע געהערט צום סאָציאַליסטישן סעקטאָר פאַרנעמט אַ גרויסן אָרט: עלעקטריפיקאַציע, טראַנספּאָרט, און וואָינונג-בוי-אַרבעט.

א גרויסן אָרט וועלן פאַרנעמען די הויצאָעס אַף אינטענסיפיצירן די לאַנדווירטשאַפט, ווי, צום ביישפּיל, פאַרשטאַרקן די מאַשיניזירונג און עלעקטריפיצירונג. די הויצאָעס וועלן אין די 5 יאָר באַטרעפן בא אַ מיליאַרד און 107 מיליאָן רוב. אף מעליאָראַציע און איריגאַציע איז אָנגעמערקט אויסצוגעבן 643 מיליאָן רוב. די אַלע אויסגאַבן וועלן געוויס מער סאָציאַליזירן די לאַנדווירטשאַפט.

אַף די סאָווכאָזן און קאָלכאָזן איז אָנגעמערקט אויסצוגעבן באַ 250 מיליאָן רוב. וועלכע וועלן פאַרשטאַרקן זייער ווירקונג אין דאָרף.

---

ב. אָרשאַנסקי.

# די פּיסקאַטאָר-בינע, איר קינסטלערישע און פּאָליטישע באַדייטונג.

.1

„פּיסקאַטאָר-בינע”—אַזוי הייסט ניט גאָר קיין גרויסער טעאַטער, וואָס געפינט זיך אף נאָלענדארף-פּלאץ, אין סאַמע האַרץ פון דעם עכטן בורזשואַזי-אַריסטאָקראַטישן „וועסטן” אין בערלין.

פּיסקאטאר איז דער רעזשיסער פון דעמדאזיקן טעאַטער, די גאנצע נעשאָמע זיינע, און די דייטשן רופן דעם טעאַטער אַפן נאָמען פון זיין רעזשיסאָר, פון זיין שעפער.

— פּיסקאַטאר-בינע.

פּיסקאטאר איז איצט אין טעאטראַלן בערלין דער הערשער איבער אַלע מויכעס. זיין נאָמען און זיין טעאַטער רופן אַרויס די גרעסטע באַגייסטערונג. פאַר אים בויגן אָן די קעפּ און נויגן זיך זייער טיף און—ווער ווייס, עפּשער אופריכטיק-האַרציק — די בורזשואַזע און קליינבירגערלעכע טעאַטראלע קריטיקער און טעאט-ראלע פיינשמעקערישע מעווינים.

אייגנטלעך, איז פּיסקאטאר-בינע דער איינציקער טעאטער אין בערלין, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַן אינטערעס, וואָס רעגט, וואָס וועקט דעם געדאַנק, וואָס נויט צו פאַרטראַכטן זיך אף אַ גאנצע ריי קינסטלערישע און פּאָליטישע פּראָב-לעמען.

דורך דער העכסטער קונסט-פאָרם צו די שאַרפסטע פּאָליטישע פּראָבלעמען—אָט דאָס איז דער וועג פון פּיסקאטאר-טעאַטער.

די איבעריקע דייטשישע טעאַטערן זיינען גוואַלדיק פּוסט, באַנאַל, אַלט און שוידערלעך אומעטיק. זיי זיינען פאַרוואַקסן מיט מאָך. זיי עטעמען מיט אַרכיוו-שטויב. דער „לעסינג-טעאַטער” מיט „פּיער גיונט” וואָס ווערט איצט איבערגעכאַזערט אין דער „פאָלקס-בינע” און גייט בכלאל ניט אַראָפּ פון דער בינע אין פאַרלויף פון אַ גאנצן ווינטער; דער דייטשישער טעאַטער” מיט „ראָזאַ בערנד” פון ג. הויפּטמאַן; דער „שטאַטסשוישפּיל-הויז” (מעלוכי-שער טעאַטער) פון יעסנער מיט די „וועבער”—אַלץ איז אומעטיק, אַלט און שוידערלעך-נידעריק אין הינזיכט פון טעאַטראַלער קונסט.

און ווען ניט פּיסקאטאר מיט זיינע ברויזנדיק-רעוואָלוציאָנערע און גוואַלדיק דרייסטע טעאַטראַלע אַרויסטרעטונגען, וואָס ער האָט געמאַכט אין פאַרלויף פון לעצטן יאָר; ווען ניט ער, דער פייערדיקער רעוואָלוציאָנער, דער קאָמוניסט, דער מיטגליד פון פּאַרטיי פון 1918 יאָר, וואָס אַליין איז ער, אייגנטלעך, אַ געוועזענער סאַלדאַט און שטאַמט גראַד ניט פון „פּראָמינענטע לייט”, נאָר פון אַ קאַטויליש-גאַלכישער מישפּאָכע*) — ווען ניט ער, וואָלט דער דייטשישער טעאַטער קיין שום קינסטלערישע ווערט באַ היינטיקן טאָג ניט געהאַט.

דער קאָמוניסט פּיסקאַטאר האָט געראַטעוועט די דייטשישע טעאַטראַלע קולטור. דער קאָמוניסט פּיסקאטאר האָט באַשאַפן דעם בעסטן, דעם אינטערעסאַנטסטן, דעם טאַלאַנטפולסטן טעאַטער אין דייטשלאַנד.

און וועגן דעם, אַז ער איז דער אינטערעסאַנטסטער און טאַ-לאַנטפולסטער האָט געשריבן און הערט ניט אוף צו שרייבן גראַד די גאַנצע בורזשואַזע דייטשישע פּרעסע. עס איז אין בערלין ניט געווען קימאַט קיין איין צייטונג אָדער אילוסטרירטער זשורנאַל, וואָס זאָל ניט אונטערשטרייכן אָט דעמדאַזיקן מאָמענט. אַלפרעד קער, איינער פון די אַלטע בורזשואַזע טעאַטער-קריטיקער, וואָס האָט גאַרניט לאַנג געפייערט זיין 60-יאָריקן יובילײ און וואָס האָט אַ שעם אין דייטשלאַנד פאַרן ערנסטן טעאַטער-קריטיקער, האָט אָנגע-שריבן אין „בערלינער טאַגעבלאַט” אַ גרויסן אַרטיקל וועגן פּיס-קאטאַרס „ראַספּוטין” און ליבט אים אין הימל אַריין. פּרוווט איר לייענען די „פאַסישע צייטונג”, די אילוסטרירטע זשורנאַלן די עקסטרע טעאַטער-אויסגאַבן, די דייטשישע פּראָווינציעלע פּרע-סע,—אומעטום איז פול מיט פּיסקאַטאַרן, אומעטום רעט מען וועגן אים מיט היסלאַוועס. די דייטשישע טעאַטראַלע אינטעליגענץ האט דערפילט, אַז—קיין שום פולע ניט—פון אים, פון אָט דעם קאָמוניסט, וועט קומען די יעשועה.

נאָר פיל מערער איידער די פּרעסע אינטערעסירט זיך מיט אים און ליפט צו אים אין טעאַטער דער גרויסער, ברייטער עולם פון בערלין. פּיסקאַטאר-בינע איז שטענדיק געפּאַקט. עס קומען אַהין אַרבעטער **), די אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ, די קליינ-בירגער, די בורזשואַזיע... אַלע גייען, אַלע ווערן איבעראַשט אַלע זיינען פאַראינטערעסירט; איין טייל איז באַליידיקט, קריצט מיט די ציין און... גייט נאָכאַמאָל, שלאָגט זיך פאַר אַ בילעט, רייסט זיך מאַמעש אין טעאַטער, און דער צווייטער טייל איז באַגייסטערט,

*) די יידישע געלע פּרעסע פון וואַרשע האָט אים שוין מאָל געווען און האָט אים צוגעשריבן צום יידישן פאָלק. עס לייגט זיך טאַקע ניט אַפן זינען, אַז אַ טאַלאַנטפולער רעזשיסער, מיט וועלכן עס מישפּעט זיך „אַליין” ווילהעלם, זאָל גאָר שטאַמען ניט פון יידן... אַגעוו, איז די עצעם פאַמיליע עפּעס ניט קיין „דייט-שיש-קלינגענדע”... און דאָס איז דאָך שוין פון לאַנג באַוווסט, אַז וויבאַלד פּילאַ-רעט איז ער בעפיירעש אַ ייד און הייסט קאָפּל.

**) ער האָט 12 טויזנט אַבאָנענטן. דאָס זיינען קימאַט דורכויס אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, וואָס פאַר אָנדערהאַלבן מאַרק האָבן זיי דעם בעסטן פּלאַץ, צאָלן ניט פאַר די קליידער און באַקומען אַ פּראָגראַמקע אומזיסט (קליידער אופהענגען און אַ פּראָגראַמקע קאָסט אַ מאַרק). ער וואָלט געהאַט צענדליקער טויזנטער אַבאָ-נענטן, ווען ער זאָל האָבן אַ גרעסערן טעאַטער.

נעמט אוּף מיט רוישנדיקע אפּלאָדיסמענטן יעדן אינטערעסאַנטן, רעוואָלוציאָנערן איינפאַל אַף דער בינע.

און אינטערעסאַנט און אָנציענדיק איז ער ניט נאָר מיט זיינע „איינפאַלן“, מיט, דער אַזוי גערופענער „פאָרמעלער“ זייט. ער איז אינטערעסאַנט און אָנציענדיק דערהויפּט דערמיט, וואָס ער שטעלט אָפן און שאַרף קאָלאָסאַלע פּאָליטישע פּראָבלעמען. אַפילע די בורזשואַזע עלעמענטן (נאַטירלעך, זייער פּראָגרעסיווער טייל), דאָס קליינבירגערטום און באַזונדערס די קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ—זיי אַלע געפעלט דער טעאַטער, ער אינטערעסירט זיי גראַד דערמיט, וואָס ער איז פּאָליטיש, וואָס ער איז אין איינקלאַנג מיט דעם ברויזנדיקן שטורעמדיקן פּאָליטישן לעבן אַרום. אַפילע דאַן, ווען ער לייזט די פּאָליטישע פּראָבלעמען גאָר ניט אַפן בורזשואַזן אָדער קליינבירגערלעכן אויפן.

יאָ, אַפילע די בורזשואַזיע, ווייל צופיל צוטרייסלט געוואָרן איז דורך דער רעוואָלוציע די אַמאָליקע בורזשואַזע אידיליע בּיכלאַל און די פאַמיליען-אידיליע ביפראַט, אַז מען זאָל נאָך קענען קומען מיט דער אַלטער, פאַרשטויבטער פּיעסע צום דורכגעלופטערטן און צעשטורעמטן, דורך מילכאָמע און רעוואָלוציע, היינטוועלטיקן מענטשן.

פאַר דעם לעצטן צענדליק יאָר האָבן זיך איינגאַנצן געביטן די מענטשלעכע באַגריפן. אַלץ און אַלע זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער פּאָליטיק. מען מוז זיך אינטערעסירן מיט פּאָליטיק. אָן דעם וווּקס פון די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען אין לאַנד איז אָפּהענגיק די אייגענע עקזיסטענץ. אָן דעם, ווי עס וועלן זיך צעוואַקסן די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין כינע און די ענגלישע קאָלאָניעס איז אָפּהענגיק דער בורזשואַזער וואָילשטאַנד פון אייראָפּע...

פּאָליטיק אין דירעקטן זין פון וואָרט—אָט וואָס אינטערעסירט אַלעמען. און דעריבער איז אינטערעסאַנט און אָנציענדיק דער טעאַטער, וואָס שטעלט און לייזט לעבעדיקע פּאָליטישע פּראָבלעמען, די בורזשואַזיע איז אין טעאַטער אויפגערעגט, בייזט, קריצט מיט די ציין, אָבער זי אינטערעסירט זיך, ווייל דער טעאַטער איז לעבעדיק.

ווען איר גייט אין אַלטן דייטשישן טעאַטער, דוכט זיך אייך, אַז איר זייט ערגעץ פאַרן מאַבל. קיינע שום רעוואָלוציעס זיינען אַף דער וועלט ניט פאָרגעקומען, קיינע מילכאָמעס האָבן די וועלט ניט צוטרייסלט. איר זיצט אין דעמדאָזיקן טעאַטער, ווי איר וואָלט געזעסן אין אַ פינצטערן קעלער און וואָלט ניט געוווּסט, אַז ס'עקזיסטירט אַ זון, א ליכטיקע זון אַף דער וועלט. איר דערמאָנט זיך באַלד, אַז איר זייט אַלט, ווייל שוין מיט אַ יאָר 30‑40 צוריק האָט איר פּונקט דאָסזעלבע געזען...

די אַלטע דייטשישע טעאַטערן, שטייען, אַזוי צו זאָגן, „אויסער יעדע פּאָליטיק“. זיי דינען געטריי און ערנסט דער הייליקער געטין—„דער קונסט“... מיר ווייסן דעם זין פון אַזעלכע „הייליקע קונסטישע גאָטעס-דינסטן“. שפּילן אין 1928 יאָר הויפּטמאַנס „די וועבער“ אַזוי, אַז די בירגערלעכע פּרעסע זאָל שרייבן „אַז אויב דאָס איז א בונט, איז נאָך אַן סאַקאָנעס“, דאס איז אַן אויסגעשפּראכענע, עמעס, „פאַרשטעלטע“ פּאָליטיק, דאָס איז אָבער אַן אַלטע פּאָליטיק, מע קען זי שוין, מע ווייס זי, זי נאַרט שוין קיינעם ניט, זי רעגט ניט, זי איז ניט אינטערעסאַנט. פון נייער פּאָליטיק און פּאָליטיק אַלס טעמע אַן און פאַר זיך, פון אויסגעשפּראָכענער אונטערגעשטראָכענער פּאָליטיק אין טעאַטער,—דערפון ווייכט דער אַלטער דייטשישער טעאַטער.

ער איז אין אַ טראַגישער לאַגע דער אַלטער דייטשישער טעאַטער. ער קומט פון אַ קלאַס, וואָס איז געוואָרן שטאַרקאַלט, וואָס מאַכט שוין זיינע לעצטע טריט אין דער געשיכטע. ער איז דעריבער אַלט און קען זיך ניט אנצינדן מיט א נייער אידייע און ברענען מיט דערדאָזיקער אידייע אַזוי, אַז ער זאָל אויך יענעם אָנצינדן. דער טעאַטער האָט דעריבער מוירע פאַר אַ נייער טעמע, ער פילט, ער וועט מיט איר דורכפאַלן, ווייל היינט קען מען שוין ניט קומען מיט אַן אויסגעשפּראָכענער טענדענץ לטובֿת דער בורזשואַזיע, לטובֿת דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע. דאָס וועט קיינעם ניט איבערצייגן, דאס וועט קיינעם ניט נעמען. און קינסטלעריש דערהויבן אַזאַ זאַך איז פאַר זייערע קויכעס ניט דערגרייכבאַר. זיי הויבן אָן צו ווערן אימפּאָטענט. האַלט מען זיך נאָך פאַר די אַלטע טעאַטער-ווערק, ווייל דאָרט איז שוין אַן אויסגעטראָטן וועג, גייט מען מיט די אויסגעטראָטענע וועגן אין דער פאָרם, ווייל דאָרט איז מען געניט, ווייל דאָרט דאַרף מען זיך ניט אָנשטרענגען.

דערפאַר איז ער הימל-ווייט פון לעבן, מוּזעיש און דעריבער גוואַלטיק אומעטיק. קיינער גלויבט איצט ניט אין די אַלטע, אויסגעדראָשענע „עמעסן“, וואָס עס ריידן אַראָפּ פון דער בינע די אַלטע און אַלט-געוואָרענע אַקטיאָרן. קיינעם אינטערעסירן ניט די אַלע טעמעס, וואָס ווערן בּאַרירט אין די טעאַטראַלע שטיק, וואָס מען האָט אַרויסגעשלעפּט ערגעץ פון די טיפסטע קעלערן פון די דייטשישע ביכער-שאַצן. עס געפינען זיך נאָך, נאַטירלעך, בירגער, וואָס פאַרפולן די טעאַטערן, אָבער דאָס זיינען ניט די לעבעדיקע קויכעס פון לאַנד, וואָס באַשטימען אַ קינסטלערישע ריכטונג. דאָס זיינען דיזעלבע, וואָס גייען נאָך אין רוסישן טעאַטער אַף טשעכאָווס „דריי שוועסטער“.

פּיסקאַטאָרס טעאַטער איז דורכויס פּאָליטיש. ער באַהאַלט דאָס ניט, פאַרקערט—ער שטרייכט דאָס אונטער.

„דאס פּאָליטישע טעאַטער“—אַזוי הייסט טאַקע דער ביולעטען, וואָס דער טעאַטער האָט אַרויסגעלאָזן צו „ראַספּוטין“. און דער טעאַטער, אָנהויבנדיק פון דער בינע און ענדיקנדיק מיט די פּיעס, איז דורך און דורך פּאָליטיש און רעוואָלוציאָנער, נאָר דאָס אַלץ וואָלט געקלונגען ניט מער ווי טשיקאַווע און, ווי יעדער אַגיטקע, וואָלט דאָס באַלד דערעסן געוואָרן, ווען די גאַנצע פּאָליטיק, דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער און קאָמוניסטישער גייסט וואָלט ניט געווען קינסטלעריש דערהויבן און קינסטלעריש באַרעכטיקט.

אַף פּיסקאַטאָרס בינע, אַז עס דרייט זיך אַן ערדקויגל (אַף „ראַספּוטין“) און אַף פאַרשיידענע ווינקעלעך פון ערדקויגל קומען פאָר אַלע געשעענישן; אַז עס עפענען זיך מיטאמאָל דריי „לעכער“ אין ערדקויגל און עס ווייזן זיך דריי פיגורן: דער געוועזענער רוסישער צאַר ניקאָלאַי, דער געוועזענער עסטרייך-אונ-

גארישער צאַר פֿראַנץ יאזעף און דער דייטשער עקס-צאַר ווילהעלם *), און יעדער מיט זיין מאנאלאג; אַז דער ערדקוגל פֿאַרוואַנדלט זיך באלד אין אַ קאַרטע פֿון שלאַכטפֿעלד א. א. וו.—איז דאָס באַ אים ארגאַניש, דורכגעפֿילט, געבונדן און געקניפּט מיט דער עצעם אידייע צו פֿאַרוואַנדלען יעדן היסטאָריש פֿאַקט אין אַ היסטאָרישער פּראבלעם און לייזן דידאָזיקע פּראָבלעם פֿון קאמוניסטישן שטאַנדפּונקט.

און דערמיט הויבט טאַקע אָן פּיסקאטאר. דער ערשטער אַרטיקל אין זיין ראַספּוטין-ביולעטען רופֿט זיך „דראַמע און געשיכטע". דער אַוטאָר, כ׳ לעא לאניא דערקלערט דעם שטאַנדפּונקט, מיט וועלכן דער טעאַטער טרעט צו צו אַ היסטאָרישן פֿאַקט. „די היסטאָרישע דראַמע—זאָגט כ׳ לאניא—באַטראַכטן מיר ניט אַלס שיקזאַל-טראַגעדיע פֿון עפּעס אַ העלד, נאָר אַלס פּאָליטישן דאקומענט פֿון אַן עפּאָכע". מיר ווילן—זאָגט ווייטער דער מעכאַבער—די דאָקומענטן פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט זען אין שיין פֿון דער אַקטועלסטער קעגנוואַרט. ניט עפּיזאָדן פֿון דער צייט, נאָר די צייט אליין; ניט פראגמענטן, נאָר איר (די געשיכטלעכע ב. א.)—איינהייט; געשיכטע ניט אלס הינטערגרונט, נאָר אַלס פּאָליטישע רעאַליטעט".

אָט מיט דערדאָזיקער גרונטפּראבלעם איז דורכגעדרונגען די גאַנצע אידייע פֿון זיין טעאַטראַלער פֿאָרם.

.2

אין ערנסט טאלערס „האָפּליא, מיר לעבן" האָט זיך פּיסקאַטאָרן ניט אינגאנצן איינגעגעבן צו אנטוויקלען און אונטערשטרייכן די אויבנדערמאָנטע גרונט-פּראָבלעם, צו אנטוויקלען און באַווייזן זיין קינסטלערישע, זיין העכסט-קינסטלערישע, פֿאַרביק רייכע און געוואלדיק קאָמפּליצירטע טעאַטראַלע פֿאַנטאַזיע. שולדיק אין דעם איז מער טאלער איידער פּיסקאטאָר. א פּיעסע, וואָס איז דורך און דורך דורכגעפּוילט מיט טאלערס אינטעלעגענטיש-דייטשישן אינדיווידואַליזם; וואָס איז איבערגעלאָדן מיט נאַריש-לאַנגע מאָנאָלאָגן און... וואָס האָט אַ צוקוועטשטן אינהאלט—פֿון אזא פּיעסע מאכן אַף דער בינע אַ היסטאָרישע קונסטווערק איז אוממעגלעך. און אויב פּיסקאטאָר האָט זיך גענומען שטעלן זי, איז עפּשער נאָר דערפֿאַר, וואָס זי איז זייער סצעניש געבויט, דאָרט איז דאָ פֿאַר א גרויסן רעזשיסער פֿיל מעגלעכקייט צו „פֿאַנטאַזירן", ניט אומזיסט אינטערעסירן זיך מיט איר יונגע רעזשיסארן און פּרוּוון זיך מאכן פֿון איר אַ פּיעסע, וואָס זאָל זיין אנציִענדיק און אינטערעסאנט.

נאר פֿונדעסטוועגן קען מען די גאנצע שולד אַף טאלערן ניט אַרופֿוואַרפֿן. שולדיק איז אויך אין א געוויסער מאָס פּיסקאטאָר.

ער האָט צו ווייניק געשניטן פֿון דער פּיעסע, ער האָט דעם מאַטעריאַל, וואָס קען דינען נאָר ווי ליים, ווייניק געקנאָטן און האָט אים ווייניק געפֿורעמט. ער האָט געדאַרפֿט די פּיעסע אינגאנצן איבערמאכן, באַזונדערס דעם סאָף. ער האָט זיך ניט געדאַרפֿט לאָזן בינדן פֿון ערנסט טאלער, ער האָט אים געדאַרפֿט בינדן און איינבינדן.

נאָר, אַפּאָנים, דאָס איז געווען דער ערשטער פּרווו, אָדער פּאָשעט, עס האָט זיך פּיסקאַטאָרן ניט איינגעגעבן...

שוין אָבער אין דער צווייטער פּיעסע, וואָס ער האָט האַיאָר געשטעלט, אין „ראַספּוטין", איז קענטיק געוואָרן באַלד, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ דורכגעדרוגענעם קאָמוניסט און מיט אַ רעזשיסער פֿון גאָר אַ גרויסן מאַסשטאַב. דער היסטאָרישער פֿאַרנעם, דער ערנסטער און דורכגעטראַכטער קאָמוניסטישער צוגאַנג, זיין קאָלאָסאַלע קינסטלערישע פֿאַנטאַזיע, וואָס ער האָט פֿאַנאַנדערגעוויקלט פֿאַרן צושויער—דאָס אַלץ איז אַזוי גראַנדיעז, אַז עס האָט מאמעש אויפֿגעטרייסלט די דייטשישע טעאַטראַלע וועלט.

איינער פֿון די דייטשישע טעאַטער-קריטיקער, ד״ר קירשנער, האָט געשריבן וועגן פּיסקאַטאָרן: „מענטשן, וואָס זאָלן דענקען אין וועלט-טיילן, זיינען אַף אונדזער ערד זייער דין געזייט. זיינען מיר צופֿרידן, וואָס מיר האָבן אַ טעאַטער-מענטשן, וואָס דענקט כאָטש אין מאַסשטאַב פֿון לענדער" *).

אונדז דוכט, אז בענויגייע צו פּיסקאַטאָרן איז דאָס אַביסל פֿאַרזיכטיק. פּיסקאַטאָר איז בעפֿיירעש דער טעאַטראַלער דענקער, וואָס כאַפּט אַרום ניט נאָר לענדער, נאָר טאַקע וועלט-טיילן.

און דאָס האָבן אַמבוילעטסטן דערוויזן די לעצטע צוויי פֿאַרשטעלונגען, וואָס פּיסקאטאָר האָט אונדז געגעבן: „ראַספּוטין" און „שוועיק".

ווי אַזוי איז פּיסקאטאָר צוגעגאַנגען צו דער אין עצעם גענומען פּוסטער, עפּיזאָדיש-קליינלעכער און אבסאָלוט ניט קינסטלערישער פּיעסע „ראַספּוטין"? **).

פּיסקאטאָר האָט אונדז פֿון דער בינע געזאָגט:

ראַספּוטין איז אַן און פֿאַר זיך גאָרנישט ווערט, נאָר וויכטיק איז די „ראַספּוטינשטשינע", וואָס דאָס איז געווען דער טאָך, דער גאַנצער כאַראַקטער פֿון צאַרישן הויף. דאַרפֿן אָט דידאָזיקע ראַספּוטינשטשינע נעמען היסטאָריש. ווייל ראַספּוטינשטשינע איז ניט געוואָרן מיט אמאָל, פֿון הימל אַראָפּגעפֿאַלן, און ניט אַרופּגעפֿאַלן איז זי נאָר אַף ניקאָלאַיס קאָפּ. ניט נאָר די לעצטע סטאַדיע פֿון צאַריזם איז דורכגעפּוילט מיט אוואַנטיורע, ברוד און זנוס, נאָר דער גאַנצער צאַריזם, אין זיין גאַנצער היסטאָרישער עפּאָכע. די עצעם אידייע פֿון זעלבסטהערשונג, אַף וויפֿל דאָס איז זעלבסטהערשונג און דערצו נאָך פּריציש-בורזשואַזע, איז עס דורך און דורך אוואַנטיורע, פּאָליטישער ברוד און פּאָליטישער און קערפּערלעכער זנוס.

*) פּיסקאטאר האט אף זיך א מישפּעט, פֿאַרוואָס ער האָט זיך דערלויבט צו באַליידיקן ווילהעלמען... אַנשטאָט ווילהעלמען גייט ארויס אַף דער בינע אַזוי זיך אַן אקטיאָר, וואָס דערציילט אין אַן עכט הומאָריסטישן טאָן די געשיכטע מיטן מישפּעט. פֿאַרשטייט זיך, אַז דערדאָזיקער איינפֿאַל רעוואָלוציאָניזירט נאָך מער דעם אוילעם.

*) זע Das Theater, erstes Februarheft 1928.

**) בא אונדז אין רוסלאנד איז זי געגאַנגען אונטערן נאָמען „זאגאוואָר אימפּעראַטריצי".

הויבט זיך טאַקע אָן די פֿאַרשטעלונג מיט דער געשיכטע פֿון צאַריזם. אויפֿן עקראַן ווייזן זיך רוסישע קייסאָרים, אָנהויבנדיק פֿון יאָאַן דעם שרעקלעכן (ניט „דער גרויזאַמער", ווי מען רופֿט אים בײַ אונדז, נאָר „דער שרעקלעכער") און ענדיקנדיק מיט ניקאָלאַיען, און דערבײַ ווערט אין צוויי ווערטער געגעבן זייער סאָף. פֿאַר אײַך גייט פֿאַרבײַ אַ שרעקלעך בילד: קיין איינער פֿון די געוועזענע קייסאָרים איז ניט געשטאָרבן מיט זיין אייגענעם, נאָרמאַלן טויט. איינער איז געשטאָרבן, אַראָפּגייענדיק פֿון זינען, דער צווייטער איז געשטאָרבן פֿון שיקרעס, דער דריטער פֿון זנוס; איינער האָט זיך אליין דערוואָרגן, א צווייטן האָט עמיצער אַן אַנדערער דערוואָרגן, א דריטער איז פֿון אימיצן אַן אַנדערן דערוואָרגן געוואָרן...

אויסער דער געשיכטע פֿון די ראָמאַנאָווס בכלל, גיט פּיסקאַטאָר אויפֿן עקראַן אויך די געשיכטע פֿון לעצטן צאַר, פֿון ניקאָלאַיען. דא איז דער 9-טער יאַנוואַר פֿון 1905, דאָ זיינען בלוטיקע בילדער פֿון פּאָליצייִשן ווילקיר, פֿון צושטערן דערפֿער פֿאַר „קראַמאָלע", פֿון דאַלעס, הונגער און נויט. עס הויבט זיך אָן די מילכאָמע און פֿאַר אונדז ווערן דעמאָנסטרירט שוידערלעכע פֿאַקטן פֿון דער צאַרישער פּאָליטיק אין דער מילכאָמע. דא גייט דורך פֿון איין זייט די ווילדע סצענעס פֿון דער מאָביליזאַציע, ווען מען האָט מיטן קאַנטשיק געטריבן מענטשן אויפֿן פֿראָנט, און פֿון דער אַנדערער זייט דער זאַטער און פֿרעכער לעבן פֿון די „פּאַטריאָטן", וואָס זיינען געבליבן „אָרגאַניזירן" די מילכאָמע. און איבער אַלעמען—די באַנדע גאַלאָכים, וואָס „פֿאַרדאַוונען" און „פֿאַרמאַליען" אַלע צאָרעס.

און ניט אומזיסט רופֿט זיך די פּיעסע בײַ פּיסקאַטאָרן מיט זייער אַ לאַנגן נאָמען: „ראַספּוטין, די ראָמאַנאָווס, דער קריג און דאָס פֿאָלק, וואָס האָט קעגן זיי אַלעמען געמאַכט אַן אויפֿשטאַנד". אין לאַנגן נאָמען איז די גאַנצע טיפֿע אידייע פֿון דער פֿאַרשטעלונג.

און דעמאָלט, ווען מע נעמט דאָס געשיכטלעך, ווערט פֿאַרשטענדלעך און איבערצייגנדיק (און דאָס איז דאָך די הויפּטזאַך אין קונסט), ווי אַזוי אַ גאַנצע קייסאָרלעכע דינאַסטיע האָט זיך געקאָנט דערקייקלען צו ראַספּוטינשטשינע, ווערט קלאָר די גאַנצע אַוואַנטיורע, וואָס האָט זיך גערופֿן זעלבסטהערשונג, ווערט פֿאַרשטענדלעך דער פֿאָלק-אויפֿשטאַנד.

און קעדיי דאָס אַלץ צו פֿאַרפֿיקסירן אין די מויכעס פֿון זיינע צושויער, אַזוי אַז ער זאָל דאָס אויף לאַנג געדענקען, גיט ער אים אין ביולעטען אַ גאַנצע ריי היסטאָרישע פֿאַקטן, וואָס האָט צוגעגרייט און צייטיק געמאַכט דעם פֿאָלקאויפֿשטאַנד. דאָ האָט איר שטיקלעך פֿון אַ טאָגבוך פֿון אַלעקסאַנדראַ וויקטאָראָוונאַ באַגדאַנאָוויטש, וואָס שילדערט דעם גאַנצן צופֿוילטן צולייגונג-גייסט, וואָס ראַספּוטין האָט אַריינגעטראָגן אין צאַרישן הויף; איר האָט ניקאָלאַיס טעלעגראַמע פֿון 10-טן מאַרט צו כאַבאַלאָוון, ווי עס ווערט אים פֿאַראָרדנט אום יעדן פּרייז צו דערשטיקן די אומרוען; איר האָט אַן אויסצוג פֿון דער צאַרינעס אַ בריוו צום צאַר, אין וועלכן זי אײַצעט אים איינצושטעלן די הונגער-אומרוען דערמיט, וואָס מען וועט די „בונטאָווטשיקעס" אָוועקשיקן אויפֿן פֿראָנט; איר האָט אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון דעם „מוסטער-געווער", מיט וועלכע דער צאַר האָט געשיקט זיין כאַיל אין שלאַכט; איר האָט דאָ אַ באָלשעוויסטישע פּראָקלאַמאַציע, וואָס רופֿט די אַרבעטער און סאָלדאַטן צום אויפֿשטאַנד, לענינס בריוו צום צ. ק. וועגן דער נויטיקייט צו נעמען די מאַכט אין די הענט; אַ כראָניק פֿון רעוואָלוציאָנערע געשעענישן פֿון 27 פֿעברואַר 1917 ביזן 10 מאַרט 1918, ביז דעם טאָג, ווען די באָלשעוויסטישע סאָוועטן-מאַכט האָט זיך אַריבערגעקליבן פֿון לענינגראַד קיין מאָסקווע, א.א.וו. א.א.וו.

מיט דעם אַלעם באַקאַנט זיך פֿריער דער צושויער דורכן ביולעטן, און שפּעטער גייען פֿאַר אים דורך סײַ אויפֿן עקראַן און סײַ אויף דער בינע אַ גאַנצע ריי בילדער, וואָס גיבן קינסטלעריש אַט די דאָזיקע געשיכטע.

אָט אַזוי לערנט אונדז פּיסקאַטאָר צו דענקען היסטאָריש, צו נעמען דעם איינפֿאַכסטן, פֿון נידעריקן און סענסאַציאָנעלן מין מאַטעריאַל און מאַכן פֿון אים אַ היסטאָרישע געשעעניש.

.3

באַזונדערס קלאָר ווערט די פּאָליטישע באַדייטונג פֿון דער פּיסקאַטאָר-בינע, ווען מען פֿאַרברענגט כאָטש עטלעכע טעג אין בערלין.

בערלין איז עפּשער דער אינטערעסאַנטסטער, דער לעבעדיקסטער און בעפֿייִרעש דער קולטורעלסטער צענטער פֿון אייראָפּע. און—איר ווערט מאַמעש דערשטוינט פֿון דער פּאָליטישער שאָפֿלדיקייט פֿון אָט דערדאָזיקער אייראָפּעישער הויפּטשטאָט.

פֿאַר אונדז, פֿאַר מענטשן, וואָס האָבן שוין מיט „קייזער און קעניג" פֿאַרענדיקט איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל, וואָס האָבן שוין אויסגעסאַמט פֿון די מויכעס פֿון אַלע בירגער אָט די דאָזיקע „קעניגלעכע וועלטאַנשויונג"; פֿאַר וועמען אַפֿילע אויסלאַכן דעם קייסער-באַגריף איז שוין אויך געוואָרן אַלט און דערעסנדיק; פֿאַר אונדז, וואָס זיינען שוין פֿעסט און זיכער אַרויפֿגעטראָטן אויף דער עלפֿטער טרעפּ פֿון רעוואָלוציאָנער-געשיכטלעכן אָקטיאַבער—פֿאַר אונדז איז מאַמעש ווילד אָט דער „קעניג און קייזער-גייסט", מיט וועלכן עס איז דורכגעדרונגען דער רעפּובליקאַנישער בערלין.

איר גייט איבער בערלין און אײַך שימערירן אין די אויגן:

— קעניגפּלאַץ.

— קעניג-שטראַסע.

— קעניגס-אַלייע.

— קעניגס-קאַפֿע.

— קאַפֿע-קעניג.

— קעניגס-האַלע.

קעניג, קעניג און קעניג.

דאָסזעלבע איז מיט קייזער! ווידעראַמאָל „קייזערפּלאַץ", קייזערשטראַסע, קייזעראַלייע, קייזערקאַפֿע, קאַפֿעקייזער...

נאָכדעם הויבט זיך אָן דאָסזעלבע מיט דער קייזערין און מיט פֿאַרשיידענע נעמען פֿון פֿאַרשיידענע געוועזענע קייסאָרים און קייסאָרינעס.

און דאסזעלבע כאַזוערט זיך איבער אין יעדן שטאָט-טייל, מאַמעש אין יעדן ווינקעלע, אומעטום הערשט אין בערלין דער אַלטער קעניג.

און ווי אַ שאָטן-שטריך, וואס טיילט אויס און מאַכט בוילעטער דעם גרונט-טאָן אין אַ בילד, שפּאַרט ארויס פון אַלע בערלינער גאַסן, פון אַלע פלעצער, פון אַלע שויפענצטער דער גאַנצער אונטערשלאַק פון קעניג-גייסט.

— „בערלינער קינדל“.

דאס איז אַ רעסטאראַנען-פירמע. זי האט פאַרפלייצט מיט אירע רעסטאָראַנען און בירהאַלעס גאַנץ בערלין. ווו איר זאלט זיך ניט אַ קער טאָן, שטעכט אייך אין די אויגן אַ שילד, אדער אַן אַנשלאַג פון דער פירמע „בערלינער קינדל“.

בערלין, די הויפּטשטאָט פון דער דייטשישער רעפּובליק „קעניגט“. „קייזערט“ און... „קינדלט“.

און אט אין דעמדאָזיקן גייסט פון „קעניג“ און „קינדל“ האט זיך אריינגעריסן, ווי אַ ווייכער, מיט א צושטערנדיקן רעוואלוציאנערן שטורעם די פיסקאטאר-בינע. דער בערלינער קליינבירגער און בורזשואַ, וואָס קומען אין די טויזנטער צו פיסקאטארן אין טעאַטער, גייט·ארויס פון דאָרט מיט אַ ריס אין הארצן. דאָרט מאַכט מען אַ טעל פון זיין קייזער-היילִיקייט, דאָרט צוטרייסלט מען אט די איינגעבירגערטע און דורך דוירעס איינגעפלאַנצטע היילִיקע באַציונגען צו „זיין“ קעניג און... צו „זיין“ גייסטיקן.

עמעס, די געשעענישן אין „ראַספּוטין“ קומען פאר אין רוסלאַנד; שוידערלעך-בלוטיק ווערט דארט געשילדערט די רוסישע צאַרישע דינאַסטיע; אין זיין גאַנצער פרעכקייט און ווילדסטן ציניזם ווערט דאָרט אונטערגעטראָגן דער רוסישער פּאָפּ... אָבער ווענלדיק ניט ווענלדיק טראגט זיך עס אריבער אַף דעם „אייגענעם“ קעניג, אַף דעם אייגענעם גאַלעך, באַזונדערס, ווען פיסקאטאר האט אַרויסגעפירט טאַקע ווילהעלעמען „אַליין“...

און אַפילע אין די האַפּסאָקעס, ווען דער בערלינער בירגער און בורזשואַ גייט ארויס אין פאיע כאפן אַביסעלע „פרישע לופט“ און אָפּרוען פון די קלעפּ, וואס די פיסקאטאר-בינע גיט אים איבער זיין אנגעשטאפּטן קייזער-קאָפּ—אַפילע דאַן לאזט אים פיסקאַטאר אויך ניט צו רו. ער געפינט זיך אויך דאָרט אין אַ באַשטימטער רעוואָלוציאָנערער ארומרינגלונג. עס שטייען טישן מיט רוסישע אויסגאַבן אין דייטש, דאָרטן טרעפט איר פון מאסקים גאָרקי ביז דעם יינגסטן רוסישן שרייבער איבערזעצט אין דייטש.

פיסקאטאר-בינע איז אַ רעוואָלוציאָנער ווינקעלע אין בורזשואַזן און פעט-בירגערלעכן דייטשלאַנד.

.4

„ראַספּוטין“, ווי געזאָגט, איז באַ פיסקאטאָרן געווען די צווייטע גרויסע בינע-אַרבעט פאַרן לעצטן יאָר. ער האָט באַ דערדאָזיקער פאָרשטעלונג געלאָזן פריי זיין פאַנטאַזיע, ער האָט געוויזן די בליציקייט פון זיין קינסטלערישן געדאַנק, די פאַרביקייט און רייכקייט פון זיין קינסטלערישער נעשאָמע.

אין „ראַספּוטין“ איז זיין קינסטלערישע פאַנטאַזיע געשווומען פריי אינדערלענג און אינדערברייט.

„שוועיק“ האָט ער גענומען אין דער טיף. אין „שוועיק“ איז ער מאַמעש געניאַל. אין „שוועיק“ האָט ער אונטערגעפירט אַ סאַכאַקל צו זיינע קאָלאָסאַלע קינסטלערישע דערגרייכונגען. ער האָט די קינסטלערישע פאָרם, וועלכע ער האָט געלייגט אין גרונט צו זיינע האַיאָרדיקע דריי פאָרשטעלונגען, און וועלכע איז זייער אָריגינעל און וועט עפּשער אין דער געשיכטע פון דער נייער טעאַטראַלער קולטור אַריינגיין מיטן נאָמען „פּיסקאַטאַר-פאָרם“—ער האָט אָט דידאָזיקע פאָרם געלייטערט, פאַרטיפט זי, אָפּגעריייניקט זי פון איבעריקע מאָמענטן און צו-גרויסן אָנפלוס פון פאַנטאַזיע. ער האָט גוואַלדיק געקאָמצנט און האָט גענומען אין דער פאָרמעלער זייט בלויז דאָס סאַמע נויטיקסטע!

אַ גאַנצע ריי קינאָ-בילדער, באַזונדערס באַטאַליע-בילדער, וואָס זיינען געווען אין ראַספּוטין צופיל אָנגעוואָרפן און האָבן פאַרשווערט דעם אינהאַלט, די דאָזיקע בילדער פעלן קימאַט אינגאַנצן אין „שוועיק“. דאָס קינאָ איז דאָ אויסגענוצט געוואָרן אין די סאַמע נויטיקע מאָמענטן, אָבער דערפאַר אויסגענוצט געוואָרן אָרגאַניש און טיף איבערציינגנדיק.

אויך די מוזיק, מיט וועלכער די פּיעסע איז דורכגעפלאָכטן, גייט אַרויס מאַמעש פון דער נויטווענדיקייט פון טעקסט. עס דוכט זיך, אַז אויב עס וואָלט באַ דער אָדער יענער שטעלע ניט געווען קיין מוזיק, וואָלט עפּעס געפעלט אַ שטיק לעבעדיקער אייווער.

אַ פּאָר ווערטער וועגן אינהאַלט פון „שוועיק“.

דאָס איז אַ ראָמאַן פון דער צייט פון דער מילכאָמע, געשריבן פון איינעם אַ טשעכישן שרייבער האַשעק. שוועיק איז אַ נאָמען פון אַ טשעכישן פּאָשעטן אַמכאָ. אָט דער פּאָשעטער אַמכאָ פאַלט אַריין אין דעם ווירבל פון וועלט-קריג און אַלע געהענעם-ליידן, וואָס יעדער מענטש פון פאָלק האָט איבערגעלעבט אין דער מילכאָמע. די צאָרעס, די אינוים, די דערנידערונגען פון פאַרשיידענע אָבער-לייטענאַנטן, פון דאָקטוירים, פון אַכראַנקע, פון אַלע שלעק און פוראָניעסן ווערן געשילדערט אין דעם דאָזיקן ראָמאַן. עס איז אַרויס פיר בענדער, עס דרוקט זיך שוין דער פינפטער באַנד און קיין ענדע צו די צאָרעס זעט מען נאָך ניט.

און דער גאַנצער בלוטיקער שוידער פון דער ווילדסטער וועלט-מילכאָמע איז דאָ גענומען געוואָרן ניט אין איר טראַגעדיע, נאָר אין איר פרייסטן און רייכסטן וויץ, אין דער אויסגעשפּראָכענער פאָרם פון שפּאַס און שפּאָט.

און דאָס האָט אויסגענוצט פיסקאטאר.

אין אַלע דריי פאָרשטעלונגען האָט פיסקאטאר אַנטוויקלט די הויפּט-פּראָבלעם, וואָס עס שטייט פאַר אלע אונדזערע קאָמוניסטישע פאַרטייען און פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט—דער קאַמף קעגן מילכאָמע און מילכאָמע-געפאַר און אַנטפּלעקן די צופוילטקייט פון די בורזשואַזע מעלוכע-סיסטעמען, וואָס פירן און מוזן פירן מילכאָמעס.

אין די ערשטע צוויי פאָרשטעלונגען האָט זיך פּיסקאטאר צווישן אַנדערע געשטעלט דעם ציל צו ווייזן די גאַנצע טראַ-

ג ע ד י ע פֿון דער מילכאָמע, די ברוטאלקייט און העסלעכן ציניזם פֿון אירע קעניגלעכע אידעאָלאָגן. געבונדן פֿון א פֿרעמדן אינהאלט, האָט פּיסקאטאר אין „האפּליא" געקאָנט נאָר „צוטשעפּען זיך" און אָ נ ה ו י ב ן צו אַנטוויקלען די פּראָבלעם. „ראַספּוטין" איז שוין געווען די ברייטסטע לייוונט, ווו די געניאלע פֿאַנטאזיע פֿון קינסטלער האָט צושטערט די אידיליע פֿון קייסאָרים און (אין דער אָדער יענער פֿאָרם) זעלבסטהערשונגען, ווו ער האָט מיט די שווארצסטע פֿארבן געשילדערט דעם בלוטיקן געהענעם פֿון מילכאָמע.

די ט ר אַ ג ע ד י ע פֿון דער מילכאָמע האָט ער געוויזן און דערוויזן. אים איז איצט געבליבן ענדגילטיק צו פֿאַרניכטן די עצעם מילכאָמע-אידייע, אויסלאכן און אויסשפּאָטן זי.

דאָ, אין שוועיק, האָט ער אונדז געוויזן דעם פ א ר ס פֿון דער מילכאָמע און פֿון אירע אידעאָלאָגן.

און דער פֿאַרס איז געגעבן געוואָרן אַזוי קינסטלעריש-דערהויבן, אזוי דין און פֿיין, אַז ערטערווייז ווערט ער פֿאַרוואנדלט אין א טראַגי-קאָמעדיע.

צום באַדויערן, בלויז ערטערווייז, און דאָ האבן פּיסקאטארן אונטערגעפֿירט ווידעראַמאָל די אַווטאָרן פֿון דער אינסצענירונג: מאַקס בראָד און האַנס רייַמאַן. זיי האָבן פֿון ראָמאַן אַרויסגענומען בלויז די אולטראַ-קאָמישע עלעמענטן און האָבן קימאט אינגאנצן ניט אריינגענומען די ט ר אַ ג י-ק אָ מ י ש ע. פּיסקאטארן האָט זיך אָבער איינגעגעבן די אולטרא-קאָמישע מאָמענטן ערטערווייז צו פֿאַרוואנדלען אין טראגי-קאָמישע, אין מאָמענטן, ווו מאמעש איר לאכט מיט בלוטיקע טרערן.

אין „שוועיק" האָט פּיסקאטאר געוויזן דעם גאנצן וואנזין, די ווילדסטע און ציניִשע מעשוגאָים פֿון דער וועלט-מילכאָמע. אַ וועלט איז פֿארטאָן, פֿאַרקריפּלט, פֿארהאַוועט, ווי די דייטשן זאָגן, פ א ר י ק ט פֿון דער מילכאָמע. דער מענטש האָט אָנגעוואָרן דעם פארצעף-פּאָנים זיינעם, דער מענטש איז פֿון מויעך אראָפּ!

צו לעכערלעכקייט, וואס דערגייט ביז ציניזם, האָט פּיסקאטאר דערפֿירט די „פֿירער" פֿון דער מילכאָמע. ער האט זיי אויסגעטאָן אָדאם-נאקעט, ער האט געוויזן די ברוטאלע צופֿרעסנקייט פֿון זייערע דורכגעפֿוילטע דאַלפֿאַנישע נעשאמעלעך...

אט שילדערט אייך פּיסקאטאר אַ שפּיטאל, ווו עס ליגן קראנקע סאלדאטן. דער דאקטער זעט אין יערן קראנקן סאלדאט א סימוליאנט. ער קוקט ניט ארום די סאלדאטן, ער באטראכט זיי ניט, ער מ ו ט ש ע ט זיי. און אלץ אין נאמען פֿון הייליקן קריג, פֿון הייליקן פֿאטערלאנד. ער גייט פֿארויס, און הינטן גייט זיין פֿעלדשער. ער גייט פֿ א ר ב יי און יעדן איינעם רופֿט ער אויס מיטן נאמען און הייסט פֿארשרייבן כינין און ריצין-אייל, אויספּאמפּען דעם מאגן, מאכן א קאנע. און דאס ווערט געטאן מיט אזויפֿיל פֿאראכטונג און האַס צום פּראסטן סאָלדאט, מיט אזויפֿיל נידערטרעכטיקייט, אז עס כאפּט ארום א שוידער.

און אט איז נאך א בילד, די סאמע העסלעכע און לעכערלעכע: שוועיק פֿאלט אריין אין זיינע אומענדלעכע „רייזעס" אין קאנטער-ראזוועדקע. מען כאלעשט אים מאכן פאר א שפּיאָן, פֿאר א רוסישן שפּיאן. מען בינדט זיך צו צו איינער זיינער א פֿראזע, ווו ער דערמאנט דאס ווארט „רוסלאנד". אהא, ער איז געפּאקט. ער איז פֿון רוסלאנד. הויבט מען אים אן אויסצופֿרעגן, הויבט מען אן צו בינדן ניטגעשטויגענע, ניטגעפֿלויגענע סיטואציעס, וואס אט דעם פּאשעטן אמכא איז עס אף זיין גאנצן לעבן אין זינען ניט געלעגן, מען שיקערט אים אן מיטן ציל ארויסצוקריגן בא אים א פּאר ווערטער. מען „מאכט" אַ פּראטאקאל, מען שרייבט, מען שרייבט און מען מעקט... און קיין באווייזן זיינען פֿארט ניטא.

און אינמיטן דעריִנען בעט זיך שוועיק... אפֿן לופֿט.

אהא, אט דא וועלן זיי אים פּאקן! ער וויל מיסטאמע עפּעס באהאלטן, אריינווארפֿן אהין א שיפֿער, א פּלאן... גייט מען אים נאך און אז ער גייט אריין אין קלאזעט, ציען זיך אויס צוויי אָכראַניקעס מיט דעם גאנצן ערנסט פֿון מענטשן, וואָס טוען א וויכטיקן מעלוכע-אִיניען, און קוקן אַריין אַהין, וואָס טוט ער..

און ער, שוועיק?

ער זיצט זיך דאָרט רויק, קוועטשט זיך מיט טאַם, זינגט א לידעלע און דערציילט זיי דערווייל א מאַיסע, עפּעס אַ באָבעמאַיסע.

יא, די וועלט איז מעשוגע געווארן. און פֿון דער מעשוגענער וועלט, פֿון די „ערנסטע", דערוואקסענע מענטשן, וואָס אין זיי האָט זיך אַריינגעקליבן עפּעס אַ ווילדער דיבוק, לאכט, לאכט מיט אַ פֿולן מויל דער אמכא, דער „אידיאָט", ווי די דייטשישע פּרעסע האָט אנגערופֿן, שוועיקן.

און אינטערעסאַנט איז דאָס, וואס פּיסקאטאר האָט גאָרניט שארושירט, ער האָט זיינע העלדן ניט אָנגעטאָן, ווי אין אונדזערע אַמאָליקע אגיטקעס, אין גראָבע בייכער און ווילד-מעשוגעדיקע נעז. ער האָט זיי גענומען, קימאַט נאַטירלעך, אין אַ טאָן פֿון ל יי כ ט ן הומאָר, ער האָט זיי גענומען אין דעמזעלבן טאָן, ווי וואכטאנגאוו האָט גענומען דעם פּערסאנאזש פֿון „פּרינצעסא טוראנדאנט".

.5

באַ אונדז, אין סאָוועטן-פֿאַרבאנד, אין די טעאטראלע קרייזן, די, וואָס האבן בלויז געלייענט וועגן פּיסקאטארן אָדער געהערט וועגן אים, אָדער די, וואָס האָבן געזען בלויז „האפּליא", אין דידאָזיקע טעאטראלע קרייזן איז דאָ אזא מיינונג, אַז פּיסקאטאר גייט פֿון מייערכאלדן.

מיר דוכט, אז דאָס איז אַ טיפֿער טאעס, מע קען ניט זאָגן, אַז איינער גייט פֿון דעם אַנדערן, דיזעלבע זאך, ווי מע וואָלט אַמאָל ניט געקאנט זאָגן, אַז „אַלעקסאנדרינקע" אין לענינגראַד גייט פֿון „קליינעם טעאטער" אין מאָסקווע. יענע עפּאָכע האָט באשאפֿן איר סטיל, און דעמדאָזיקן סטיל האבן „איבערגענומען" פֿאַרשיידענע טעאַטערן. די רעוואָלוציע הויבט אויך אָן צו שאפֿן איר טעאַטראלן סטיל און דעמדאָזיקן סטיל האָט „איבערגענומען" מייערכאלד, אים האָט אויך „איבערגענומען" פּיסקאטאר.

פּיסקאטאר פֿ א ל ט צ ו נ ו י ף אין אייניקע ערטער מיט מייערכאלדן, דאָס איז עמעס, ווייל זיי ביידע, סאי מייערכאלד

און סאי פיסקאטאר גייען פֿון דער רעוואלוציע. פיסקאטאר איז אבער אַ גאַנץ זעלבסטשטענדיקער, אַ טיף־אָריגינעלער טאלאנט. און מאָמענטנווייז, דוכט זיך, אַז פיסקאטאר איז רייכער אין פֿאנטאזיע און טיפֿער, ווי מייערכאלד. עפֿשער איז דאָס דערפֿאַר, וואס פיסקאטאר האָט גרעסערע טעכנישע בינע־מעגלעכקייטן, ווי מייערכאָלד, אָבער ערטערווייז מאכט אזא איינדרוק. אלנפֿאלס, איז פיסקאטאר אזוי רייך און אינטערעסאנט, אז עס וואלט זייער געווען געווונטשן, אונדזערע יונגע רעזשיסאָרן זאלן פֿארן צו פיסקאטארן לערנען זיך די קונסט פֿון רעזשי, לערנען זיך בא אים אויסנוצן די בינע אזוי, אַז קיין איין פוסטער ארט זאל ניט זיין אַף איר, אז יעדער „איינפֿאל" זאל זיין ארגאניש־געבונדן מיט דער הויפט־אידייע פֿון רעזשיסער.

פיסקאטארן מיט זיין גאַנצן צוגאנג צו טעאטער איז אומעגלעך אריינצולייגן אין די ראמען פֿון אַ וועלכער עס איז באַשטימטער טעאטער־שול. ער איז אין אַ געוויסער מאס סינטעטיש, ער האָט פֿארייניקט און קינסטלעריש דערהויבן דאָס בעסטע און אינטערעסאנטסטע פֿון אלע נייע טעאטראלע ריכטונגען. ער האָט געבראַכט דאס נייע אין טעאטער צו דעם העכסטן קינסטלערישן אויסדרוק.

ער האָט אבער געגעבן נאָך אזאך, וואס איז קימאט דורכויס ניי. ער האָט ארגאניש פֿארבונדן דעם טעאטער מיט דעם קינאָ. ביז אהער האבן מיר געזען פרווון אויסצונוצן דעם קינאָ און דעם פראזשעקטאר פֿאר אייניקע אנשלאגן. בא פיסקאטארן איז דער קינא־פֿילם אַ טייל פֿון טעאטראלן שפילן, אַ מיטל פֿאַר זיין פֿאנטאזיע צו אויסדעקן און אנטדעקן דעם טאָך פֿון דער אידייע, וואס איז געבארן געווארן אין זיין קינסטלערישן „איך".

איר דארפֿט געבן די געשיכטע פֿון צאריזם, איר דארפֿט אין איין און דערזעלבער צייט זיין אַפֿן שלאכט־פֿעלד און אַפֿן באַן־סטאַנציע; איר דאַרפֿט אַוועקשיקן שוועיקן אין וועג און דאַרפֿט געבן די אילוזיע פֿון דעם וועג; עס זיצן „פראָמינענטע" פערזאָנען און ריידן פֿארהיילִיקט וועגן מילכאָמע, איר ווילט אָבער געבן דעם אונטערשלאק פֿון דידאָזיקע רייד, דאָס, וואָס זיי מיינען, ניט וואָס זיי ריידן; איר ווילט געבן קאָלאָסאַלע בילדער פֿון מילכאָמע, פֿון רעוואָלוציע, ווי זיי שפילן זיך אָפּ אין געדאַנק—אין אַ גאַנצע ריי אַזעלכע און ענלעכע פֿאַלן נוצט אויס, פֿלעכט איין פיסקאטאר דעם קינאָ מיטן טעאַטער. ער דערפֿילט מיט קינאָ דאָס, וואָס דער טעאַטער איז ניט בעקויעך צוגעבן מיט זיינע באַגרענעצטע טעאַטראַלע מעגלעכקייטן.

ער איז קינסטלעריש—ניי און פֿריש, ער שטייט מיט צען קעפּ העכער, דאווקע אין דער קינסטלערישער זייט, פֿאַר אַלע עקזיסטירנדיקע דייטשישע טעאטערן צוזאַמענגענומען, ער איז לעבעדיק און צאַפּלדיק.

און מיט דעם אַלעם האָט ער אריינגעטראָגן אַ פֿולשטענדיקע צומישונג אין די מויכעס פֿון דער גאַנצער דייטשישער קינסטלערישער וועלט. די דייטשישע טעאַטראלע וועלט האָט זיך אינמיטן דעריבערן דערפֿילט נעבעכדיק — קליין, אינהאלט־ליידיק. זי האָט דערזען, ווי נישטיק זי איז מיט איר גאַנצן אָנגע־בלאָזענעם טעאַטראַלן ייִכעס און טעאַטראַלע טראַדיציע אַנטקעגן דעם יונגן, דרייסטן, רעוואָלוציאָנערן טעאַטער־דיכטער.

יא, פיסקאטאר איז דער עמעסער טעאַטער־דיכטער. יעדע פֿאָרשטעלונג זיינע איז אַ קינסטלערישע פאעמע, וואָס פֿאַרינטערעסירט, וואָס רייצט און וועקט. און דאַווקע דערפֿאַר, ווייל ער איז דער קינסטלערישסטער, דער קולטורעלסטער טעאַטער, דאַווקע דערפֿאַר האָט ער די גרעסטע פּאָליטישע באַדייטונג פֿאַר אונדזער פּאַרטיי אין דייטשלאַנד.

פּיסקאטאר מיט זיין רעוואָלוציאָנערן טעאַטער איז איינער פֿון די, וואָס האט אונדז געגעבן די סימפּאַטיע פֿון גאָר אַ גרויסן טייל פֿון דער דייטשישער קוואַליפֿיצירטער קינסטלערישער און וויסנשאַפֿטלעכער אינטעליגענץ צו דער דייטשישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, צו דעם דייטשישן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט.

אַזעלכע גרויסע אַקטיאָרן, ווי אַלעקסאנדער גראנאך, פּאַול וועגענער, מאַקס פּאַלענבערג *) און פּיל אַנדערע, האָבן פֿאַרלאָזן זייערע אַלטע, איינגעזעסענע און רומפֿולע טעאַטער־ערטער אין די אָנגעזעענסטע און רייכסטע דייטשישע טעאַטערן און זיינען אַריבער—אייניקע אינגאַנצן, אייניקע טיילווייז—שפּילן אונטער דער רעזשי פֿון אַ יונגן, „גאָר ניט קיין פּראמינענטן" און דערהויבט קאָמוניסטישן רעזשיסער... דאָ האָבן זיי געשטילט זייערע טעאַטראלע אומרויִקע זוכענישן, דאָ, בא פיסקאַטארן, האָבן זיי געפֿונען אַ סקומע.

און דער ריין טעאַטראלער מאָמענט טראָגט זיך אַריבער ניט נאָר אַף פֿראַגן פֿון טעאטער. מיט טעאַטער איז פֿארבונדן ליטעראַטור, מאלעריי, מוזיק...

דידאָזיקע אַלע קונסט־געביטן האָבן איצט אין דייטשלאנד אַ ציטער געטאָן. עס הויבט זיך אָן אַן איבערשאצונג פֿון אַלטע ווערטן, מען הויבט זיך אָן צו פֿאַרטראכטן אַף די אלטע מעטאדן, מען הויבט אָן צו זוכן נייע וועגן. און ווי נאָר די אויגן פֿון די קינסטלער הויבן זיך אין רוים זוכן וועגן, אַזוי מוזן זיי זיך אנשטויסן אַפֿן פּראָלעטאַריאַט און אַף זיין רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי.

הויבן אָן טאַקע צו קומען צו דער פּאַרטיי יונגע ליטעראַטן, יונגע מאלער, יונגע מוזיקער; הויבט זיך אָן צו שאפֿן אַ רעוואָלוציאָנערע קונסט, וואָס שטייט זייער נאָענט צו דער פּארטיי, וואָס געפֿינט זיך אַפֿילע אין דער פּאַרטיי.

אין דעמדאָזיקן פּראָצעס, פֿון דערנענטערן זיך צו דער פּאַרטיי און צום רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, וואָס פֿילט זיך גאַנץ שטאַרק אין דייטשלאַנד ניט נאָר מיצאַד דער קינסטלערישער אינטעליגענץ, נאָר מיצאַד דער אינטעליגענץ ביכלאַל; אָט דעם פּראָצעס, וואָס די דייטשישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי האט קאָשער פֿאַרדינט אַדאַנק איר אויסגעצייכנטער אויסגעהאלטענער טאַקטיק,—אָט דעמדאָזיקן פּראָצעס האט זייער פֿיל מיטגעהאָלפֿן פיסקאטאָר מיט זיין טעאַטער.

*) דידאָזיקע דריי אקטיאָרן זיינען פֿון די בעסטע אין דייטשלאנד. מיר האבן וועגן זיי דאָ גאָרניט געשריבן, ווייל אָפּאטערן זיי מיט אַ פּאָר שורעס אגעווארפֿענע קען מען ניט. זיי פֿאָדערן א ספּעציעלע אָפּהאַנדלונג, און דאָס וועלן מיר פּרווון טאָן אין דער נאָענטסטער צייט.

די אינטעליגענץ האט דערפילט, אַז ד אָ ס א י נ ט ע ר ע ס אַ נ ט ס ט ע, ד אָ ס ק ו ל ט ו ר ע ל ע, ד אָ ס ט י פ ע א ו ן ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע ג ײ ט פ ו ן פ ר אָ ל ע ט אַ ר י אַ ט.

און מען דאַרף זען, ווי פאַרשיידענע טעאַטער-טוער פּרווון זיך נאָכמאַכן פּיסקאַטארן און... קענען נעבעך ניט. באַזונדערס סטאַרעט זיך דאָס צו טאָן די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע „פאָלקסבינע". זיי האבן דאָך פּרעטענזיעס אַף רעוואָלוציאָנערישקייט און פּראָלעטאַרישקייט. סטאַרעט זיך די „פאָלקסבינע" צו גיין נאָך דעם „גייסט פון דער צייט" און כאָטשבי פּלאַגיאַירן, זאָל זיין בלויז פון דער בינע-טעכניק, פון פּיסקאטארס טעאַטער. מער ווי אַף פּלאַגיאַירן עפּעס פון דער בינע-טעכניק האט ניט געכאַפּט קיין „האָזע". אָבער אויך דאָס קומט אויס בא זיי לעכערלעך און עס האַרמאָנירט אבסאָלוט ניט מיטן גאַנצן קליינבירגערלעכן גייסט פון טעאַטער, פון זיינע פאָרשטעלונגען. עפּעס דרייט זיך דאָרט אַ בינע פאַרן צושויער אין די אויגן און איר ווייסט ניט פאַרוואָס דרייט זיך עס; מען שטעלט צונויף אַף די אויגן באַם צושויער שטיקלעך דעקאָראַציעס און איר ווייסט ניט צו וואָס דאַרף מען דאָס האָבן, פאַרוואָס זאָל מען דאָס בעסער ניט מאַכן הינטערן פאָרהאַנג.

עס איז קענטיק, אַז זיי ווילן עפּעס נאָכמאַכן, און יאָבלען נעבעך ניט, ווייל זיי פאַרשטייען ניט און קענען. אין טאָך גענומען, ניט פאַרשטיין דעם רעוואָלוציאָנערן פּרינציפּ פון פּיסקאַטארס טעאַטער.

עס איז אינטערעסאַנט און ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש די באַציונג פון דער פּרעסע צו פּיסקאטארס „שוועיק". די פּיעסע האט אַזוי שטאַרק געטראָפן אין ביין אַריין דער גאַנצער בורזשואזער פּאָליטיק, אַז די ראַדיקאלסטע בורזשואזע און קליינבירגערלעכע קריטיקער האָבן אַ ציטער געטאָן. צו „ציניש" איז געווען פּיסקאַטאָר מיט דעם פּאַטש אין פּאָנים דער בורזשואזער פּאָליטיק, צו „פרעך"... ער האָט פאַרגעסן אָן וועלכע עס איז גרענעצן. און... עס איז געוואָרן ווייטיקדיק. אין דער טראַגעדיע פון מילכאָמע האָט די אינטעליגענץ געקאָנט מיטפילן, ווייל עס שמעקט מיט פּאַציפיזם. פּאטשט מען דאָך בראַוואָ עפּעס איינעם א שוישפּילער אין „קאָמישע אָפּערע", ווען ער וואַרפט אַרויס צווישן אנדערע באנאליטעטן אויך אַפּאָר באנאלע פּאַציפיסטישע פראַזן. פּאַציפיסטישע שטימונגען גייען איצט אָן אין דייטשלאַנד און איבער דעם קאַמף קעגן מילכאָמע האָט די אינטעליגענץ זייער פיל מויכל געווען פּיסקאַטאָרן אין זיין קאַמף קעגן די הערשנדיקע עלעמענטן.

אָבער דאָ שמעקט שוין גאָר ניט מיט פּאַציפיזם... דאָ איז אַ פּאָליטישער שפּיי אין פּאָנים, דאָ איז אָפן „ציניש ססטן" אויפן אויסגעלאַכט און אויסגעשפּאָט. און דאָס איז שוין אַ קלאַל, אַז דער מעטאָד פון סאַטירע איז פיל ווירקנדיקער איידער דער מעטאָד פון טראַגעדיע.

און די שרייבערישע אינטעליגענץ האט זיך פאַרלאָרן. זי האָט ניט געוווּסט, ווי זאָל זי רעאַגירן. אַראָפּרייסן פּיסקאַטאָרן איז אוממעגלעך, קיינער וועט ניט גלויבן אין דער ערנסטקייט פון דער זאַך, לויבן אים איז ווידער אוממעגלעך, צו „ברוטאל" האָט ער זיך באַגאַנגען מיט זייערע פאַרהייליקטע טראַדיציעס... האט מען זיך געסטאַרעט אַרופצוּוואַרפן אַלע שולדן אַף... האשעקן. שוועיק איז אַ נאַר, שוועיק איז אַן אידיאָט... און עס לוינט ניט צו לייגן אַכט אַף זיינע באַנאַלע וויצן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געניי מיט ווייסע פאָדים. שוועיק איז אַ כאָכעם, אַ פּיקייעך, ער לאַכט פון דער גאַנצער מעשוגע געוואָרענער וועלט אַף זיין אויפן.

.6

אַ פּאָר אינטערעסאַנטע שטריכן פון פּיסקאַטאָרס ביאָגראַפיע.

פּיסקאַטאָר איז נאָך יונג, אינגאַנצן איז אים 34 יאָר. געבאָרן איז ער אין אַ קליין פאַרוואָרפן שטעטל פון דאָרעם-דייטשלאנד אולעם. שוין אין די קינדעריאָרן הויבט אים אָן צו אינטערעסירן טעאַטער, ער באַזוכט אַלץ, וואָס עס קומט אין זיין שטעטל, ער פאָרט אין די נאָענטע גרעסערע שטעט, וואַלגערט זיך אין די טעאַטערן, אין די צירקן.

אין 1913 קומט ער אָן אַלס אקטיאר אין איינעם פון די מינכענער טעאַטערן. ער איז אָבער ניט איינשטימיק מיטן גאַנצן קליינבירגערלעכן אינהאַלט פון רעפּערטואַר און ער הויבט אָן צו זוכן וועגן, ווי צו קומען צו אַן אַנדער טעאַטער, צו אַ נייעם, וואָס זאָל שטעלן נייע פּראָבלעמען. ער זוכט וועגן, ער זוכט מיטלען און, ענדלעך, גיט זיך אים איין צו עפענען אַן אייגענעם טעאַטער אין קעניגסבערג.

שווער, זייער שווער איז אים אויסגעקומען צו אַרבעטן, באַזונדערס, ווען מען האָט געדאַרפט ברעכן די טראַדיציעס און אַריבערגיין אַף א מאָדערנעם רעפּערטואַר. וועדעקינד, מאַקסים גאָרקי, שטערנהיים, ראָמען ראָלאַן און אַנדערע—דאָס זיינען געווען די אַווטאָרן, וועלכע פּיסקאַטאָר האָט זיך גענומען אופירן.

נאָר באַלד האָט אויסגעבראָכן דער וועלט-קריג, פּיסקאטאר איז גענויט צו פאַרלאָזן דעם טעאַטער, ער ווערט מאָבילּיזירט אַפן פראָנט.

די גאַנצע צייט פון מילכאָמע איז פּיסקאטאר געווען אַפן פראָנט און שטענדיק אַפן ערשטן פייער. גענויע פיר יאָר איז ער אָפּגעלעגן אין די אָקאָפּעס און טראַנשייען. פיר יאָר נאָכאַנאַנד האָט ער צוגעזען דעם בלוטיקן פייער, אַף וועלכן עס האָבן זיך געבראָטן מיליאָנען סאָלדאַטן אין דעם „הייליקן, „באַגייסטערטן", „פּאַטריאָטיזם" פון דעם דייטשישן גענעראַליטעט און דייטשישן בורזשואַ.

זיין קינסטלערישע נעשאָמע איז באַפאַרבט געוואָרן מיט ברודער-בלוט פון די דייטשישע אַרבעטער און פויערים...

דאָרט, אין די מילכאָמע-גריבער הויבן אים אָן צו אינטערעסירן פאַרשיידענע פּאָליטישע פראַגן, ער הויבט אָן צו ווערן אַ רעוואָלוציאָנער און אין 1918 יאָר טרעט ער אַריין אין דעם ספּאַרטאקוס-בונד.

פּיסקאטאר ווערט אַ קאָמוניסט.

און דאָ הויבט זיך אָן זיין רעוואָלוציאָנער-קינסטלערישע טעטיקייט. אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם שינעל, הויבט ער ווידעראַמאָל אָן צו בויען אַ טעאַטער. אָבער איצט הויבט ער אָן גאָר פון אַן אַנדער זייט. ער הויבט אָן פון די אַרבעטער-שענקלעך, אָדער

ווי די דייטשן רופן דאָס אָן, „די קנייפּעס“. ערגעץ אין די פאַרוואָרפענע קנייפּעס מיט ליבהאבער, אין דאָס סאַמע געדיכטע פון „נאָרדן“ (אַרבעטער-קוואַרטאַל אין בערלין) הויבט אָן פּיסקאַטאָר צו שטעלן זיינע בייסנדיקע סאַטירעס, די „רויטע רעוויוען“.

פאַרשטייט זיך, אז באַלד באַגעגנט ער זיך מיט דער „וויי-כער“ האַנט פון דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פּאָליציי-פּרעזידענט, וואָס קען ניט אַריבערטראָגן דעם ראַיען, אז אין גייסט פון שענקל זאָל מען אַריינפירן רעוואָלוציע. ניט איין מאָל זיינען דורך די ס.-ד.-עישע פּאָליציי-לייט אַראָפּגעריסן געוואָרן דידאָזיקע אימפּראָווי-זירטע פּאָליטישע סצענקעס.

פּיסקאַטאָר שטעלט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּ. ער פאַרבינדט זיין טעאַטראַלע טעטיקייטן מיט דער גאַנצער פּאָליטישער אַרבעט פון צ.ק. דאַרף דער צ.ק. דורכפירן א וואַלקאמפּאַניע, אַ פּאַרטיי-קאמפּאַניע, קומט זיך צונויף אָן אָרדנטלעכער פּאַרטיי-טאָג, קומט פּיסקאַטאָר צו הילף, ער שטעלט צונויף זיינע רויטע רעוויוס, מאַכט אינסצענירונגען, אָרדנט איין כאָר-דעקלאַמאַציע, וואָס ציט צו אַ קאָלאָסאַלן אַרבעטער-אוילעם.

פּיסקאַטאָר ווערט פּאָפּולער, פּיסקאַטאָר ווערט באַליבט באַם בערלינער אַרבעטער.

דידאָזיקע קליינע אימפּראָוויזירטע בינע פון אַ „קנייפּע“ קען נאַטירלעך, ניט באַפרידיקן פּיסקאַטאָרן, עס ווילט זיך האָבן אַ גרויסע בינע, עס ווילט זיך האָבן אַ גרויסן טעאַטער, ווו מען זאָל קאָנען זאָגן אַ רעוואָלוציאָנער וואָרט פאַר גרויסע מאַסן.

פּיסקאַטאָר פאַרבינדט זיך מיט דער „פאָלקסבינע“. דאָס איז גאָר א גרויסער טעאַטער, און, דערהויפּט,—ער איז פאַרבונדן מיט גרויסע אַרבעטער-מאַסן. דאָרט דאַרפן אָנהויבן ווירקן, דאָרט דאַרפן דורכשלאָגן דעם רעוואָלוציאָנערן געדאַנק אין די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע מאַסן, אהין דאַרפן אריינשטעלן א פוס.

שוין באַ איינער פון די ערשטע פאָרשטעלונגען, באַ שילערס „רויבער“ איז ארויסגעקומען אַ קליינער סקאַנדאל צווישן פּיסקאַטאָרן און דער דירעקציע פון דעם „דייטשישן טעאַטער“. די דירעקציע האָט ניט געקאָנט אַריבערטראָגן די אַוולע, וואָס פון דעם אלטן שילערן איז ווייניק וואָס געבליבן... ער האָט גאָר שילערס רויבער אָנגעטאָן רויטע האַלדזטיכער און געגעבן זיי אין מויל באָלשעוויסטישע „פּראָזע“, וואָס שילערן האָט זיך אפילע ניט געכאָלעמט און וואָס די דירעקציע האָט עס שטאַרק באַליידיקט.

נאָר דער גרעסטער סקאַנדאל איז ארויסגעקומען באַ אים מיט דער דירעקציע פון דער סאָצ.-דעמ. „פאָלקסבינע“ ווען ער האָט דאָרט גענומען שטעלן עים וועלקס „געוויטער איבער גאָטלאנד“. אין דעם באַגלייטונג-בילד האָט ער אריינגעפירט לענינען און דעם באלשעוויסטישן סערפּ און האמער.

די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע דירעקציע האָט אופגעהויבן אַ פול-שטענדיקן ליאַרם: פּראפּאגאנדע, באלשעוויסטישע פּראפּאגאנדע אין „זייער“ סאָצ.-דעמ. טעאַטער...

פּיסקאַטאָר איז אַוועק, אָדער, ריכטיקער געזאָגט, מע איז אים אַוועק פון דער „פאָלקסבינע“.

פּיסקאַטאָר ארגאַניזירט אן אייגענעם טעאַטער.

* * *

אין שלאכטן אף די מילכאָמע-פראָנטן, אין קאמף מיט דער סאָציאל-דעמאָקראטישער פּאָליציי און סאָציאַל-דעמאָקראטישער טעאַטער-דירעקציע, אף פּאָליטישע פראָנטן אין דער פּאַרטיי האָט זיך אויסגעשמידט און איז פאַרהארטעוועט געוואָרן דער ערשטער און דערווייל דער איינציקער קאמוניסטישער רעזשיסער, דער גרעסטער, דער טאלאנטפולסטער און דער אינטערעסאנטסטער אין גאַנץ דייטשלאנד.

---

# דער לעזער פון „שטערן" און זיינע פאָדערונגען צום זשורנאַל.

איינע פון די רובריקעס אין אַ ליטעראַטור-אַנקעטע, וואָס דער „אָקטיאבר" האָט דורכגעפירט צווישן זיינע לעזער, איז געווען ספּעציעל געווידמעט דער פראַגע וועגן זשורנאַל „שטערן". די פראַגע איז געווען פאָרמולירט אַזוי: „צי לייענט איר דעם זשורנאַל „שטערן", וועלכע דערציילונגען, לידער אָדער פּאָעמעס האָבן אייך פאַרינטערעסירט. וועלכע פעלערן האָט דער זשורנאַל". עס האָבן זיך אָפּגערופן און געענטפערט אַף דער פראַגע אַ פּאָר הונדערט לעזער. די צאָל איז ניט גרויס, אָבער דאָך זאָגט זי עפּעס. עס איז איבעריק צו זאָגן וועגן דער וויכטיקייט צו האָבן אַן „אַטעסטאַט" פון לעזער. דער „שטערן", ווי אַ זשורנאַל, וואָס שטרעבט דורכצודרינגען אין די טיפסטע לעזער-שיכטן, דאַרף עס אומבאַדינגט.

אויסלערנען די פאָדערונגען פון דעם לעזער איז ניט לייכט. מען קען בעשום אויפן ניט זאָגן, אז אַן אַנקעטע, קאָן געבן אַן אויסשעפּנדיקן ענטפער וועגן די אינטערעסן פונם לעזער. די ברייטסטע אַנקעטע קען אויך ניט אויסשעפּן אלע פראַגן, ביפראַט איין פראַגע אין אַן אַלגעמיינער אַנקעטע. דעריבער איז דער מאַטעריאַל פון אונדזער אַנקעטע זייער אַ באַגרענצטער. עס איז דאָ נאָך אַ מאָטיוו, וואָס פאַרמינערט דעם ווערט פון אונדזער אַנקעטע-מאטעריאל: דאָס איז דער פאַקט, וואָס פאַר די לעצטע 3-4 כאַדאָשים איז, אין צוזאַמענהאַנג מיטן נייעם ווירטשאַפט-יאָר, דער „שטערן" ארויס ניט געגוג רעגולער, ער איז כאדאָשימווייז פאַרהאַלטן געוואָרן און אזוי אַרום איז אין אַ היבשער מאָס אויסגעוועבט געוואָרן די פאָרשטעלונג וועגן זשורנאַל פון דער געדעכעניש באַם לעזער.

מיר וועלן קודעמקאָל איינטיילן די לעזער פון „שטערן" אַף צוויי גרעסערע גרופן: אַרבעטער און קוסטאַרעס. צום באַדויערן, איז די צאָל ענטפערס פון לערער און קולטור-טוער, וועלכע וואָלטן געקענט געבן מאַטעריאַל פון גאָר אַ באדייטנדיקער צאָל אונדזערע לעזער, גראָד קליין.

נאָר קודעמקאָל—איין שטריך, וואָס גייט דורך אין אַ גרויסער צאָל ענטפערס פון ארבעטער און קוסטאַרעס,—דאָס איז די טאינע לעמאי דער „שטערן" גייט ניט אַרויס רעגולער און קומט ניט אָן צו דער צייט, אָדער ווערט איינגאַנצן ניט אַרויסגעשיקט. איין ארבעטער-לעזער זאָגט אזוי: „דער זשורנאַל איז אין אלגעמיין אַ פאַרשלאָפענער, דער לעזער פאָדערט אים צו דערהאַלטן באצייטנס". אזא איינדרוק איז, הייסט עס, באַ דעמדאָזיקן לעזער, אז מען שלאָפט. קלאָר איז, אז דער לעזער קען ניט ארייננדרינגען אין די פינאַנציעלע און אָרגאַניזיר-טעכנישע איניאָנים פון זשורנאַל, ער פאָדערט זייניקע, און איז גערעכט. אנדערע לעזער האָבן צו דערציילן, אז זיי האָבן פאָרויס אָפּגעצאָלט פאַר א צייט און דעם זשורנאל אינגאנצן ניט באקומען. דאָס איז א מוסערהאסקל פאַר דער קאָנטאָר און עקספּעדיציע פון „שטערן".

איצט—דירעקט וועגן דער זאַך, מיר נעמען אין דער ערשטער ריי די ארבעטער-גרופּע.

ווער לייענט דעם „שטערן"? ווער ענטפערט? ארבעטער פון פאַרשיירענעם עלטער, אָנהויבנדיק פון 18—19 יאָר און ענדיקנדיק מיטן 60-יאָריקן עלטער; ארבעטער פון די פאַרשיידנסטע פאַכן: שוסטער, שניידער, זאַוואָד-אַרבעטער, מעטאליסטן, שוועבל-ארבעטער, ציגעלניקעס, טרעגער, בויער, בעקער און אַנדערע. ניט אלע ארבעטער האָבן אויסגעפילט דעם פונקט וועגן „שטערן", ווי עס באַדאַרף צו זיין. מיר וועלן דאָ געבן עטלעכע צענדליק ענטפערס, מער ווייניקער בוילעטע, און נאָכדעם פרווון זיי פאַרטייטשן. אָט זיינען ענטפערן:

דעם זשורנאַל לייען איך יע, די לידער ניט. פאַרינטערעסירט האָט מיך „בלוט".

„זייער אָפט ווערן אנשטאָט גוטע זאכן געדרוקט שלעכטע, געקינצלטע קונסט".

„איך לייען די מערהייט דערציילונגען. פאַרינטרערעסירט האָט מיך יאָפּעס „אין די ווענט".

„די לעצטע צייט האָב איך דעם „שטערן" ניט געלייענט. מיר דוכט, אַז עס איז אַ פעלער דאָס, וואָס עס זיינען ניטאָ קיין פּיעסן. מיר נויטיקן זיך אין זיי".

איך לייען רעגולער. מיך האָבן פאַרינטערעסירט די דערציילונג „טאַכלעס", די פּאָעמע „עליעס טויט" און אַנדערע.

„די ערשטע צייט האָב איך געלייענט דעם „שטערן", ער איז מיר זייער געפעלן געוואָרן—אי צוגענגלעך, אי גוט".

„ווייניק אינטערעסאַנטע דערציילונגען. די לידער זיינען שוואַך, דאָס איבעריקע גוט".

„עס פעלט ליטעראַרישע קריטיק: אונטערשיידן פון אַלטע און נייע שרייבער".

„איך לייען דעם זשורנאַל. עס פעלן אין אים צייטפראַגן. ווייניק ליטעראַטור-קריטיק".

„דער זשורנאַל איז גוט, אָבער ווייניק אַרטיקלען וועגן מאַרקסיזם".

„דער זשורנאַל איז גוט, נאָר צופיל לידער. מער שרייבט וועגן טעאַטער, גיט הומאָריסטישען מאַטעריאל".

„ווייניק אינטערעסאַנטע דערציילונגען".

פאַראַן אויך אַזעלכע אַלגעמיינע ענטפערן, ווי „אין אַלגעמיין א גוטער זשורנאַל", „דער זשורנאַל באַפרידיקט און איז רייך מיט אינהאלט", אָדער אַזעלכע לאקאנישע ענטפערן, ווי

„לידער לייען איך ניט, דערציילונגען „יע“, אָדער פֿאַרשלאָגן דער רעדאַקציע, ווי לעמאָשל, אַז „דער שטערן“ דאַרף זיין אַ כוידעשדיקער, ניט קיין צווייכאַדאָשעמדיקער“ און אַנדערע. נאָר די איקער ענטפֿערס האָבן מיר ציטירט, כאָטש אַן אַ באַזונדער סיסטעם.

וואָס זאָגן די ענטפֿערס?

קוידעמקאָל דערציילן זיי, אַז דער אַרבעטער לעזער האָט שוין אַ קריטישן צוגאַנג צו ליטעראַטור, ער שטעלט אַרויס דעם זשורנאַל זיינע פֿאָדערונגען. סאַי אין די ענטפֿערס, ווו עס איז וועגן דעם דירעקט געזאָגט, אַזוי אויך אין פֿיל אַנדערע, פֿילט זיך, אַז דער לעזער איז ניט צופֿרידן מיט דער גרויסער פּאָרציע לידער, וואָס ער באַקומט אין יעדן נומער „שטערן“... „מיך אינטערעסירן גוטע דערציילונגען“, „דעם זשורנאַל לייען איך יע, די לידער ניט“—דאָס זיינען כאַראַקטעריסטישע ענטפֿערן. מיר ווילן מער פּראָזע, דערציילונגען. עס איז אפֿילע פֿאַראַן אַ פֿאָדערונג אַף דראַמאַטישן שטאָף.

אַרבעטער-לעזער שטעלן די פֿראַגע וועגן באַלויכטן צייט-פֿראַגן און פּראָבלעמען פֿון מאַרקסיזם, דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַרן זשורנאַל ניט גאָר קיין מעגלעכע זאַך, וואָרעם דער „שטערן“ קען זיך גאָר ניט שטעלן פֿאַר אַ ציל צו פֿאַרבייטן דעם לעזער די מאַסע זשורנאַלן איבער פּאָליטיק, מאַרקסיזם און זעלבסט-בילדונג, וואָס מיט זיי איז אַזוי רייך די רוסישע ליטעראַטור, לעמאָשל. אבער דידאָזיקע פֿאָדערונג איז אַ צייכן פֿון וווּקס פֿון די מאַסן, פֿון געשטיגענע קולטור-פֿאָדערונגען.

די פֿראַגע וועגן ליטעראַטור-קריטיק אין ברייטערן זין פֿון וואָרט איז שוין אַ מער רעאַלע, און דער „שטערן“ וועט דאַרפֿן איבער דעם טראַכטן. דאָס איז אַ פֿראַגע ניט נאָר וועגן ביבליאָגראַפֿיע,—דערדאָזיקער אָפּטייל איז דאַווקע מער ווייניקער רעגולער געגאַנגען אין די „שטערנס“. איין כאַווער פֿאָרמולירט זיין מיינונג אַזוי: עס פֿעלט ליטעראַרישע קריטיק צום אונטערשיידן פֿון אַלטע און נייע שרייבער“. עס איז ניט גענוג דייטלעך געזאָגט. אבער מען קען זיך אָנשטויסן, אַז דער כאַווער וויל האָבן אין זשורנאַל אַרטיקלען וועגן ליטעראַרישע עפּאָכעס, וועגן ריכטונגען אין דער ליטעראַטור, אָפּשאַצונגען פֿון באַזונדערע שרייבער א. א. וו. דאס איז א וויכטיקער פֿאָרשלאַג, וואָס דאַרף ווי ווייט מעגלעך רעאַליזירט ווערן.

מיר האָבן שוין פֿריער דערמאָנט, אַז די לעזער פֿון „שטערן“ ווייזן ניט אַרויס קיין באַזונדערע באַגייסטערונג צו לידער. עס איז כאַראַקטעריסטיש אונטערצושטרייכן, אַז אין די ענטפֿערן אַף דער פֿראַגע, „וואָס עס איז געפֿעלן געוואָרן אין זשורנאַל“, דאַרטן, ווו עס ווערט אָנגעוויזן א ווערק און דער נאָמען פֿון מעכאַבער, ווערן דעריקער דערמאָנט אווטאָרן פּראָזאַיקער און נאָר די פּאָפּולערסטע פֿון צווישן געדרוקטע דיכטער. קיין לידער האָבן זיך ניט איינגעשניטן אין זיקאָרן...

צום סאָף—וועגן פֿאָרשלאַג, בעסער געזאָגט—פֿאָרוואָרף דער רעדאַקציע: „דער שטערן“ דאַרף זיין אַ כוידעשדיקער, ניט קיין צווייכאַדאָשעמדיקער“. געוויס דאַרף עס אַזוי זיין און די רעדאַקציע דאַרף דערצו שטרעבן, נאָר אַ סאַך אָביעקטיווע סיבעס האָבן געווירקט, דער „שטערן“ זאָל ניט קענען נאָרמאַל דערשיינען.

אַגעוו, ווייזט אויס, וויל דער „שטערן“ ניט אָפּטרעטן פֿון די טראַדיציעס, וואָס זיינען איינגעשטעלט בכלל אין דער זשורנאַל-פֿאַרלעגעריי—אַרויסצוגיין איינציקע מאָל אין יאָר מיט דאָפּלט-נומערן. דער „שטערן“ באַזירט זיך דעריקער אַף אַבאָנענטן, און דעם אַבאָנענט,—און דערהויפּט דעם שטעטלדיקן—נערווירט זייער, ווען עס פֿאַרהאַלט זיך א נומער: באַקומען אַ זשורנאַל אין שטעטל איז א יאָנטעוו-זאַך. דאָס אַלץ מוז די רעדאַקציע נעמען אין אַכט אַף ווייטער...

* * *

באַזונדער א פּאָר ווערטער וועגן דער קוסטאַרישער גרופּע לעזער פֿון „שטערן“. לויטן אָפּקלאַנג, וואָס די אַנקעטעס האָבן באַקומען צווישן קוסטאַרן, דאַרף מען מעשאַער זיין, אַז דער „שטערן“ איז נאָך ווייניק פֿאַרשפּרייט צווישן דעמדאָזיקן שיכט. צווישן עטלעכע און זעכציק אַנקעטעס פֿון קוסטאַרן האָבן די רובריק וועגן „שטערן“ אויסגעפֿילט נאָר אַ צענדליק. באַזונדערס פֿאַרדריסלעך איז די שוואַכע פֿאַרשפּרייטונג פֿון „שטערן“ צווישן די קוסטאַרן דערפֿאַר, וואָס דער קוסטאַר לייענט ווייניק בכלל, אויב ניט רעכענען דעם „אָקטיאַבר“. הייסט דאָס, אַזוי אַרום, אַז דער קוסטאַר לעבט קימאַט אויסער דער שיינער ליטעראַטור און מער ערנסטער בעלעטריסטיק.

די קוסטאַרן, וואָס ענטפֿערן יע אַף אונדזער פֿראַגע, טאַינען, לעמאַי איז ווייניק בעלעטריסטיק. איין כאַווער שרייבט: די דערציילונגען זיינען ניט שלעכט, די לידער און פּאָעמעס געפֿעלן מיר ניט“. ווידער איינגעטיילט אַף פּראָזע און פּאָעזיע!... די איבעריקע ענטפֿערן זיינען זייער לאַקאָנישע און צו אַלגעמיינע. זיי באַווייזן, אַז דער קוסטאַר-לעזער פֿון „שטערן“ האָט זיך נאָך ניט אויסגעאַרבעט קיין באַשטימטע פֿאָדערונגען צו ליטעראַטור און זיינע פֿאַרלאַנגען זיינען נאָך ניט דיפֿערענצירט.

* * *

פֿון לעזער קולטור-טוער זיינען, ווי שוין אויבן געזאָגט, אָנגעקומען אַ שפּאָט-קליינע צאָל אַנקעטעס — 5 עקז. דאָס איז אַ דערשיינונג, וואָס רופֿט אַרויס, ווי מען זאָגט, טרויעריקע געדאַנקען. צי איז עס געמאָלט, אַז אַזאַ קליינע צאָל לערער לייענען דעם „אָקטיאַבר“ (די אַנקעטע, ווי געזאָגט, איז צושיקט געוואָרן אַ ל ע אַבאָנענטן פֿון „אָקטיאַבר“)? עס איז גאָר אומעגלעך אַזוינס זיך פֿאָרצושטעלן! בלייבט אויסצופֿירן, אַז די יידישע קולטור-טוער, לעזער פֿון „אָקטיאַבר“, זיינען פּאַסיוו צו ליטעראַטור-פֿראַגן. איז עס אויך אַביסעלע מאָדנע. דער פֿאַקט איז אָבער אַזאַ: עס האָבן געענטפֿערט 3 לערער, איין לערערן און איין קולטור-טוער...

אָבער אַפֿילע דידאָזיקע קנאַפּע צאָל אַנקעטעס איז זייער אָרעם מיט ידיעס אָדער פֿאָרשלאָגן. איין לערער (41 יאָר) ענטפֿערט לאַקאָניש „ניט“ (ד. ה. אז ער לייענט ניט דעם „שטערן“). אַ צווייטער ענטפֿער פֿון אַ לערערן קלינגט אויך קימאַט אַזוי, די כאַווערטע שרייבט: „איך לייען ניט סיסטעמאַטיש, מיך האָט פֿאַרינטערעסירט די פּאָעמע „טריפּאָליע“ און אַנדערע. דידאָזיקע פּאָ-

עמע איז געווען געדרוקט מיט... צוויי יאָר צוריק. איז אַ סוואָרע, אַז פֿאַר די לעצטע יאָרן האָט אונדזער לערערן אויך דעם „שטערן“ ניט געבלעטערט, שוין ניט גערעט וועגן דעם, זי זאָל אים באַנוצן צו דער ארבעט אין שול און אָוונט-שול... אַ דריטער לערער ענטפֿערט פּאָשעט, אַז ער האָט שוין עטלעכע כאַדאָשים ניט געלייענט. און נאָר די איבעריקע צוויי ענטפֿערן מיט אַן אָפֿענעם מויל און עס איז צו זען, אַז זיי זיינען מיטן זשורנאַל אף אַ געוויסן אויפֿן פֿאַרבונדן, האָבן צו אים פֿאָדערונגען א. א. וו.

די רעדאַקציע, און עפּשער אויך נאָך איטעצער, דאַרף וועגן דערדאזיקער פֿראַגע טראַכטן: דער „שטערן“ זאָל ברייט פֿאַרשפרייט ווערן צווישן דער גרויסער מאַסע לערער און קולטורטוער, וואָס מיר האָבן אין ווייסרוסלאַנד—דעריקער. מען וואָלט געקענט עפּשער טראַכטן, אז דער „שטערן“ איז צו לייכט פֿאַרן קולטור-טוער, האָבן מיר אָבער אַזאַ באמערקונג פֿון אַ לערער: „דער „שטערן“ דאַרף ווערן מער פּאָפּולער, ווערן אַ מאַסן-זשורנאַל“. הייסט דאָס, אז ניט אין דער פּאָפּולערקייט פֿון „שטערן“ ליגט די סיבע, וואָס די מאָסע קולטור-טוער שרייבט אים ניט אויס. וואָס עס זאָל ניט זיין די סיבע—פֿאַרן זשורנאַל איז אַ גרויסער אומגליק, וואָס די קולטור-טוער אבאָנירן אים ניט. און וואָס זיי וואַרטן ניט אף יעדן נייעם נומער. פֿאַר אונדז ווידער, איז דאָס זייער אַ נעגאַטיווער סימפּטאָם, פֿאַר וועלכן מיר בלייבן מיט ניט פֿאַרשטיין: וואָס באַדייט עס?

מען דאַרף עס אויפֿקלערן. זאָלן דאָס טאָן אליין די קולטורטוער און לערער.

* * *

מיר מאַכן א קליינעם סאַכאַקל:

1. דער „שטערן“ דאַרף מאַכן די מאַקסימאַלסטע אָנשטרענגונגען, קעדיי אַרויסגיין רעגולער אלע כוידעש. דערפֿון איז אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק די פֿאַרשפרייטונג פֿון „שטערן“ און די פֿאַרגרעסערונג פֿון טיראַזש. עס האָט אויך אַ וויכטיקע באַדייטונג די טעכניק פֿון פֿאַרשפרייטן, דאָס ארויסשיקן דעם זשורנאַל. דידאָזיקע טעכניק איז ווייט ניט אַזאַ ריין טעכנישע, ווי מען קען עס מיינען.

2. דער לעזער פֿאָדערט פּראָזע. מע דארף געבן אין „שטערן“ דערציילונגען—אָריגינעלע און ניט אָריגינעלע—עס זיינען נויטיק איבערזעצונגען פֿון דער רוסישער און וועלט-ליטעראַטור. וועט זיין פּראָזע, וועט בעמיילע אָפּפאַלן די שטימונג קעגן פּאָעזיע.

3. מערער געבן מאַטעריאַל וועגן ליטעראַטור און שרייבער, פֿאַרברייטערן דעם ביבליאָגראַפֿישן אָפּטייל.

4. געבן פֿון צייט צו צייט דראַמאַטישן שטאָף, האָבנדיק אין אויג דעם דראַמקרייז און זיינע אַרבעטער מיטגלידער.

5. דורכפֿירן אַ ברייטע קאמפּאַניע דירעקט צווישן דער לערערשאַפֿט און קולטור-טוער (אויסער דער אַלגעמיינער קאמפּאַניע צווישן ארבעטער און קוסטאַרעס) פֿאַר דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון „שטערן“. דאָס וועט אויך שטויסן ביכלאל פֿאָרויס דעם טיראַזש, ווייל דער לערער וועט דאַן ווערן אויך אַן אקטיווער פֿאַרשפּרייטער פֿון זשורנאַל.

**שיפּרעס.**

---

# כ ר אָ נ י ק.

## קולטור.

— דער סאוונארקאם האט באַשטעטיקט דעם פּראָפעסאָר ניקאלאי דורנאָווא, וועלכער איז איינגעלאַדן געוואָרן אף ארבעט אין „אינבווייסקולט“, פֿאַר א ווירקלעכן מיטגליד פֿון „אינבווייסקולט“.

— באַם צווייטן מאָסקווער מעלוכע-אוניווערסיטעט האָט זיך אָרגאַניזירט א יידישע וויסנשאַפֿטלעכע געזעלשאַפֿט מיט פֿאָלגנדיקע סעקציעס: היסטאָריש-עטנאָגראַפֿישע; ליטעראַרישע; פֿילאלאָגישע; פּעדאַגאָגישע; סאָציאַל-עקאָנאָמישע און ביבליאָגראַפֿישע.

אין דער ביוראָ זיינען אויסגעוויילט געוואָרן די כאַוויירים: מ. אייזנשטאַט, אָ. בראַכמאַן, י. נוסינאָוו, צ. פרידליאַנד (צוויי) און א. קירזשניץ.

— אַן אינטערנאַציאָנאַלע פּרעסע-אויסשטעלונג עפֿנט זיך דעם 5-טן יון אין קעלן (דייטשלאַנד). דער פֿאָלקאָמבילד פֿון ו. ס. ס. ר. אָרגאַניזירט אף דער אויסשטעלונג א ווייסרוסלענדישן פּאַוויליאָן. אינם לעצטן וועלן זיין אויסגעשטעלט אַלע פּעריאָדישע דרוק-אויסגאַבעס פֿון ווייסרוסלאַנד, ווי אויך מאַטעריאַלן, וואָס באַלויכטן די געשיכטע פֿון דער ווייסרוסישער פּרעסע.

— ווייסמעלוכע-קינאָ האָט אָנגענומען די איינלאַדונג פֿון דער אַלפֿאַרבאַנדישער געזעלשאַפֿט פֿאַר קולטורעלער פֿאַרבינדונג מיט אויסלאַנד, צו אנטייל נעמען אין צווישנפֿעלקערלעכער קינאָ-אויסשטעלונג, וועלכע עפֿנט זיך האיאָר דעם 14-טן אַפּרעל אין האאַג (האָלאַנד).

— דער פֿאַרוואַלטער פֿון יידישן סעקטאָר פֿון „אינבווייסקולט“ כ' ב. אָרשאַנסקי האָט זיך אומגעקערט פֿון דער וויסנשאַפֿטלעכער קאָמאַנדירונג אין אויסלאַנד.

כ' אָרשאַנסקי איז געווען אין בערלין, פֿראַנקפֿורט און אַנדערע שטעט פֿון דייטשלאַנד. אין אַלגעמיין איז כ' אָרשאַנסקי געווען אין אויסלאַנד דריי כאָדאָשים.

— די אַרכעאלאָגישע קאָמיסיע באַם „אינבווייסקולט“ איז צוגעטראָטן צו צונויפֿשטעלן אַן ארכעאָלאָגישן זאמלבוך. אין וועלכן עס וועלן פּארעפֿענטלעכט ווערן די מאַטעריאַלן פֿון די אַרכעאָלאָגישע עקספּעדיציעס. וואָס זיינען פֿאָרגעקומען אין די לעצטע 2 יאָר. לויט דעם פּלאַן פֿון דער אַרכעאָלאָגישער קאָמיסיע וועלן האיאָר פֿאָרגעזעצט ווערן די אויסגראבונגען אין באנדראווטשינע (לעבן מינסק), בערדיש (האמלער קרייז) און אנדערע ערטער. אויסער דעם וועלן געמאַכט ווערן אויסגראָבונגען אַפֿן דנעפּר און פּריפּעט, קעדיי צו געפֿינען אלטע דענקמעלער.

— דער ביבליאגראַפֿישער קאַבינעט פֿון דער קאטעדער פֿאַר יידישער קולטור בא דער אוקראַינישער וויסנשאַפֿטלעכער אקאדעמיע זאַמלט דעם דרוק-מאַטעריאַל וועגן די מענדעלע-פֿייערונגען צום 10-טן יאָרצייט מענדעלעס.

— דער פּלענום פֿונם אויספּירקאָם (קיעוו) האָט באַשטימט צו אַסיגנירן צען פּראָצענט פֿון דער סומע, וואָס איז צונויפֿגעזאַמלט געוואָרן פֿון דער זעלבסט-באַשטייערונג אַף אויסבויען אין קיעוו אַ פּויערשן אוניווערסיטעט.

— לויט דער פֿאָלקציילונג אין 1926 יאָר געפֿינען זיך אין ווייסרוסלאַנד באַהונדערטס קינדער-גערטנער און קינדער-היימען, ביז 5000 פּיריאָריקע שולן און ביז 300 זיבניאָריקע שולן: פֿון דער אַלגעמיינער צאָל זיבניאָריקע שולן זיינען 66 פּראָצענט ווייסרוסישע, 11 פּראָצענט רוסישע, 18 פּראָצענט יידישע, 4 פּראָצ. פּוילישע, 0,4 פּראָצענט לעטישע,— ווו די אונטעריכט ווערט געפֿירט אַף דער מוטערשפּראַך.

עס זיינען געעפֿנט געוואָרן אַ ריי פּראַגאַנישע טעכניקומען, ווו עס ווערן צוגעגרייט לערער, און אַף צו באַוואָרענען מיט לערער די יידישע און פּוילישע שולן פֿון העכערן טיפּ זיינען באַם ווייסרוסישן מעלוכע-אוניווערסיטעט געעפֿנט געוואָרן אַ יידישע סעקציע און א פּוילישע קאַטעדרע.

— די פֿאַרלעגערישע פּלענער פֿונם מעלוכע-פֿאַרלאַג פֿון ווייסרוסלאַנד ווערן צונויפֿגעשטעלט אַף אַזאַ אויפֿן: פֿאַר דער ווייסרוסישער שפּראַך—70 פּראָצענט, פֿאַר דער יידישער—15 פּראָצענט, פּוילישער—5 פּראָצענט, רוסישער—8 פּראָצענט א. א. וו.

פֿאַר די לעצטע פֿינף יאָר איז די נעץ יידישע שולן אויסגעוואַקסן מער ווי אין צוויי מאָל. דער וווקס פֿון דער יידישער קולטור האָט געשטעלט פֿאַרן פֿאָלקאָמבילד די אופֿגאַבע צו באַוואָרענען די יידישע קולטורעלע אַרבעט מיט טוער פֿון העכערער קוואַליפֿיקאַציע. כוץ דער יידישער סעקציע, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן באַם אוניווערסיטעט, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ספּעציעלע יידישע קאַטעדרע אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַקאַדעמיע און א יידישער סעקטאָר באַם אינסטיטוט פֿון ווייסרוסלענדישער קולטור.

— 15 אפּרעל וועט זיך אין דער געביירע פֿון ווייסרוסל. מעלוכישן מוזיי עפֿענען די אַלווייסרוסלענדישע קאָנט-קענטעניש-אויסשטעלונג. פֿאַר דעם בעסטן עקספּאָנאַט אַף דער אויסשטעלונג וועט אַרויסגעגעבן ווערן אַ דיפּלאָם.

אַף יידישע טעמעס וועלן אויסגעשטעלט ווערן פֿאָלגנדיקע עקספּאָנאַטן: לאַנדווירטשאַפֿטן פֿון יידישע שטעטלעך, יידישע טיפּן, נאַציאָנאַלע קאָסטיומען, פּראָדוקציע פֿון די שטעטלעך, געשיכטלעכע מאַטעריאַלן וועגן דער רעוו. באַוועגונג א. א. וו.

— 9-טן אַפּרעל וועט אין כאַרקאָוו פֿאָרקומען אַן אַלפֿאַרבאַנדישער צוזאַמענפֿאָר פֿון יידישע קולטורטוער. דער סאָוונאַרקאָם פֿון וסס״ר. האָט איינגעשטימט צו שיקן אַף דעמדאָזיקן צוזאַמענפֿאָר אַ דעלעגאַציע פֿון יידישע קולטורטוער אין ווייסרוסלאַנד אָפּן כעשבן פֿון ווייסרוסלענדישן פֿאָלקאָמבילד.

— לויט די יעדיעס פֿון כאַרקאָווער בילד-אינספּעקטאָר געפֿינען זיך אין כאַרקאָווער קרייז 778 שולן מיט 135 טויזנט שילער. אַף יעדער 1000 איינוואָינער אין קרייז קומט אויס 85 שילער.

אינטערעסאַנט, אַז אין 1911 יאָר איז אין כאַרקאָוו אויסגעקומען אַף יעדע 1000 איינוואָינער נאָר 38 שילער.

— „הויפּט-וויסנשאַפֿט“ אָרגאַניזירט זומער 45 גרויסע עקספּעדיציעס.

—דער מאָלדאָווישער וויסנשאַפֿט-קאָמיטעט וועט אינגיכן אַרויסגעבן אַ מאָלדאַווישע גראַמאַטיק. מע גרייט אויך צום דרוק א געאָגראַפֿיע אַף דער מאָלדאַווישער שפּראַך און צוויי ווערטער-ביכער, אַ מאָלדאַוויש-רוסישן און א רוסיש-מאָלדאַווישן.

— צום 10 יאָריקן יובילייי פֿון דער יידישער קאָמוניסטישער פּרעסע זיינען איבערן גאַנצן סאָוועטנפֿאַרבאַנד פֿאָרגעקומען אַ ריי פֿייערלעכע אָוונטן.

לעקאָוועד דעם יובילייי איז אין מינסק איינגעאָרדנט געוואָרן אין לענין-קלוב א גרויסע אויסשטעלונג פֿון דער קאָמפּרעסע.

— אַף דער אינטערנאַציאָנאַלער פּרעסע-אויסשטעלונג, וועלכע עפֿנט זיך אין קעלן (דייטשלאַנד) האיאָר דעם 5-טן יוני, ווערט אָרגאַניזירט אַן אָפּטיילונג פֿון דער יידישער פּרעסע אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד.

— די יידסעקציע „וואַפּפּ“ אין ווייסרוסלאַנד האָט פֿאַרן לעצטן יאָר דורכגעפֿירט 25 ליטעראַרישע אָוונטן און 5 ליטעראַרישע זונטיקן.

ליטעראַרישע קרייזן עקזיסטירן אין מינסק 4.

— די טעג עפֿנט זיך אין כאַרקאָוו דער ערשטער דייטשישער אַרבעטער-קלוב. אינגיכן עפֿנט זיך אויך אַ טאָטערישער אַרבעטער-קלוב.



# ליטעראַטור.

— די סאָציאַל-עקאָנאָמישע קאָמיסיע פֿון יידסעקטאָר פֿון „אינווייסקולט“ אַרבעט איצט איבער אַ סטאַטיסטישן האַנטבוך פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג. אין דעמדאָזיקן האַנטבוך וועלן זיין יעדיעס וועגן דער סאָציאַלער פֿאַרטיילונג (קוסטאַרן, פּויערים, אַרבעטער, אנגעשטעלטע א.א.וו.) פֿון דער באַפֿעלקערונג, וועגן דער יידישער לאַנדווירטשאַפֿט (יידישע קאָלעקטיוון, אינדיווידועלע ווירטשאַפֿטן), וועגן קולטור-אַנשטאַלטן, וועגן דער שטערבלעכקייט און קראַנקהייטן.

דער האַנטבוך ווערט אויסגערעכנט אָפּן לערער און ביקלאַל מאַסן-קולטור-טוער, אַגיטאַטאָרן, פּראָפּאַגאַנדיסטן. די יעדיעס וועלן געגעבן ווערן אין פֿאַרגלייך מיט אַלגעמיינע יעדיעס. דער האַנטבוך וועט האַלטן ביז 5 דרוקבויגן.

— אין מאַרט כוידעש וועט דערשיינען דער אָרטאָגראַפֿישער זאַמלבוך, וואָס ווערט געגרייט צו דער אָרטאָגראַפֿישער קאָנפֿערענץ, וועלכע דאַרף פֿאָרקומען האַרט פֿאַרן אַלפֿאַרבאַנדישן צוזאַמענפֿאָר פֿון יידישע קולטורטוער אין כאַרקאָוו דעם 9 אַפּרעל. דער זאַמלבוך ווערט אַרויסגעגעבן אָפּן כעשבן פֿון די יידישע בילדונג-אינספּעקטורן אין פֿאָלקאָמבילדן פֿון די דריי רעפּובליקן (רספֿס״ר. אוסס״ר און ווסס״ר).

— אין ווילנער פֿאַרלאַג „טאָמאָר“ איז דערשינען ד״ר מ. ווײַנרייכס „בילדער פֿון דער יידישער ליטעראַטור-געשיכטע פֿון די אָנהייבן ביז מענדעלע-מוכער-ספֿאָרים“.

— אין וואַרשעווער פֿאַרלאַג „קולטור-ליגע“ איז דערשינען מאַקס עריקס „די געשיכטע פֿון דער יידישער ליטעראַטור פֿון די עלטסטע ציטן ביז דער האַסקאָלע-טקופֿע.

— אינגיכן דערשיינט די „ציטשריפֿט“, נומער 2—3. אויסגאַבע פֿון יידישן סעקטאָר פֿון אינסטיטוט פֿאַר ווייסרוסלענדישער קולטור.

דער נומער 2—3 אַנטהאַלט אַ סאַך אָפּהאַנדלונגען איבער פֿאַרשיידענע געביטן פֿון דער וויסנשאַפֿט פֿון די כ״כ סאָסיס, ווײַנגער, אַלעקסאַנדראָוו, נ. שטיף און אַנד.; פֿון די אויסלענדישע יידישע געלערנטע זיינען אין דער „ציטשריפֿט“ פֿאָרגעשטעלט ד״ר ווישניצער, מאַקס עריק, מאַקס ווײַנרייך און אַנדערע.

אויסער אַרטיקלען וועלן אין צווייטן נומער „ציטשריפֿט“ פֿאַרעפֿנטלעכט ווערן אַסאַך פֿאָלקלידער און אַנדערע פֿאָלקלאָר-מאַטעריאַלן. ווי אויך מאַטעריאַלן און מיטיילונגען, וואָס האָבן אַ היסטאָריאָגראַפֿישן כאַראַקטער. די „ציטשריפֿט“ נומער 3-2 אַנטהאַלט 85 דרוקבויגן.

— די לענינגראַדער היסטאָריש-עטנאָגראַפֿישע געזעלשאַפֿט האָט אַרויסגעלאָזן דעם באַנד 12 פֿון „יעווריעסקאַיא סטאַרינאַ“ (רוסיש).

— אין פֿאַרלאַג שאַבאַשניקאָוו (מאָסקווע) איז דערשינען ס. באַראָוואָיס— די יידישע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע קאָלאָניזאַציע אין אַלטן רוסלאַנד (פּאָליטיק, אידעאָלאָגיע, ווירטשאַפֿט. שטייגער) לויט אַרכיוו-מאַטעריאַלן (רוסיש).

— די „קולטור-ליגע“ (קיעוו) האָט אַרויסגעלאָזן ר. פֿורמאַנאָווס און ס. פּאָליוואַנאָווס דראַמע אין 8 בילדער פֿון דער עפּאָכע פֿון בירגערקריג „דער בונד“.

— ס׳איז דערשינען דער נומער 5-6 פֿון זשורנאַל „לעטאָפּיס רעוואָלוצ.“ אָרגאַן פֿון היספּאַרט, קאָמיסיע אַף צו שטודירן די פּאַרטיי-געשיכטע באַם צ.ק. ק.פּ.(ב)או. דער נומער איז געווידמעט דעם 10 יאָריקן יובילייי פֿון דער סאָוועטנמאַכט אין אוקראַינע.

— אין פֿאַרלאַג פֿון אָרטקאָם פֿון כאַרקאָווער שרייבער „קאָדר“ דרוקט זיך אין רוסיש שאָלעם אַשס „טויט אורטייל“. איבערגעזעצט—זינאַידע יאָפֿע.

— אין אוקר. זשורנאַל „פּלוזשאַנין“. כאַרקאָוו, נומ. 8. אָרגאַן פֿון דער אַסאָציאַציע פֿון אוקראַינישע פּויערשע שרייבער איז אָפּגעדרוקט אַן אויסצוג פֿון שאָלעם-אַלייכעמס מאָטל פּייסי דעם כאַזנס אונטערן נאָמען. „די געטראַנקען פֿון מיין ברודער עליע“.

אין נאָענטסטן נומער פֿון זעלבן זשורנאַל גייט מענדעלעס „קליין-מענטשעלע“.

— אין פֿאַרלאַג „נעכעמיע“. ניויאָרק איז דערשינען ה. סעקלערס דראַמע אין 4 אַקטן „קעניג אַשמעדאַי“.

— אין האַוואַנאַ. קובאַ (צענטראַל-אַמעריקע) איז דערשינען נ. ד. קאָרמאַנס „אַף אינדזלשער ערד“, לידער.

— אין קיעוו איז דערשינען אַף אוקראַיניש מענדעלעס „וויִנטשפּינגערל“, איִבערגעזעצט דורך דאָביר און וולאַדימיראָוו.

איִנגיִכן דערשיינט אַף אוקראַיִניש שאָלעם־אַלייכעמס „דער מאַבל“, בערגעלסאָנס „נאָך אַלעמען“ און אָפּאַטאָשוס „איִן פּויליִשע וועלדער“.

— ס'זיינען דערשינען אַף רוסיִש שאָלעם אַשס „מאָטקע גאַנעוו“ (מיִט אַ האַקדאָמע פֿון נ. אויסלענדער) און „טויט־אורטייל“.

— פֿון צענדליקער שטעט און שטעטלעך איִן אוקראַיִנע קומען אָן מעלדונגען פֿון אָנפֿאַנגער וועגן אַריינטרעטן איִן דער אַלאוקראַיִנישער אַסאָציאַציע פֿון די יִידיִשע פּראָלעטאַרישער שרייבער.

פֿאַר דער לעצטער צייט זיינען אָרגאַניזיִרט געוואָרן יִידסעקציעס פֿון „וווספּ“ איִן אָדעס, קיעוו און כאַרקאָוו. די אַרבעט ווערט געפֿיִרט לויט אַ באַשטיִמטן פּלאַן.

אַף די לעצטע זיִצונגען פֿון דער ביוראָ איִז באַשלאָסן געוואָרן ארויסלאָזן אַ כוידעשלעכן „זשורנאַל“ „פּראָליט“ אונטער דער רעדאַקציע פֿון כ״ב פֿעפֿער, גילדין, האָפּשטיין, אַבטשוק און לעוויִטאַן.

אין דעם זשורנאַל וועלן זיין אָפּטיילונגען פֿאַר בעלעטריסטיִק, פּאָעזיע, קריטיִק, ביִבליִאָגראַפֿיע, ליִטעראַטור־קענטעניש און נייס פֿון קונסט און ליִטעראַטור.

דער ערשטער נומער פֿון זשורנאַל „פּראָליט“ וועט דערשיינען דעם 15־טן אַפּרעל אין פֿאַרלאַג „פּראָלעטאַרי“ כאַרקאָוו.

גלייכצייטיִק איִז די יִידסעקציע פֿון „וווספּ“ צוגעטראָטן ארויסצוגעבן דעם ערשטן אַלמאַנאַך פֿון „וווספּ“, אונטער דער רעדאַקציע פֿון כ' גילדיִן, פֿעפֿער און האָפּשטיין.

— דער גרוזיִנישער מעלוכע־פֿאַרלאַג איִז צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן „קאַפּיטאַל“ פֿון קאַרל מאַרקס אַף דער גרוזיִנישער שפּראַך איִן צוויי גרויסע בענדער. דער ערשטער באַנד, רעכנט מען, ארויסלאָזן היינטיִקס יאָר.

— עס זיינען דערשיִנען 2 נייע יוגנט־בראָשורן: 1. „דאָס מוז וויִסן יעדער קאָמיוגיִסט“ — פֿון כ' לעזמען. אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דער אָפּאָזיִציע איִן קאָמיוג און איר ווירקונג אַף דער יִידיִשער סוויִווע; 2. „אַף דער וואַך פֿון סאָציאַליִסטישן פֿאָטערלאַנד“ פֿון די כ״כ גאָלוביצקי און יערוסאַלימסקי. — וועגן דער מיִליִטעריִש־דערציִעריִשער אַרבעט פֿון קאָמיוג און 10־יאָריִקן יוביִליי פֿון דער רויטער אַרמיי.

— אין ווייסרוסלענדישן מעלוכע־פֿאַרלאַג זיינען דערשינען: צ. דאָלגאָפּאָלסקי — באַ געעפֿנטע טויערן — אַ ראָמאַן איִן 2 טיילן; ג. סאַגאַלאָוויִטש און י. ראַוויִן — מאַטעמאַטיִק צווייטער טייל. אַרבעט־ביכל פֿאַרן 4־טן שוליאָר; ה. פֿרומעס — פּראָגראַם פֿאַר די יִידיִשע שטעטלדיִקע רעלעגאַטקעס־פּאַריזאַמלונגען; נ טאַנאַיעווצעווא — די אַרבעטערן איִן די פּראָפֿאַריינען. מוישע טייטש — דער טויט פֿון כאַווער וווליע — ראָמאַן איִן 3 טיילן. ג. יודיִן; פּראָדוציִר און עקאָנאָם. באַראַ־ונגען; סטענאָגראַפֿיִשער באַריִכט פֿון IX־טן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער קאָמפּאַרטיי (באָלשעוויקעס) פֿון ווייס־רוסלאַנד.

— אין קיעווער פֿאַרלאַג „קולטור־ליגע“ זיינען דערשיִנען: דזשיאָוואַנאַלי — ספּאַרטאַק. ראָמאַן. יִדיִש — פּ. מאַרקיש. פּ. באַראַנאָוו — פֿיִזיִק, עלעמענטאַרער קורס, יִדיש — ז. ווייסמאַן; א. טאָלסטאָי — וואַסיִלי סוטשקאָוו. יִדיש — דער ניסטער, א. אַראָסיעוו — ערשט ניט לאַנג, יִדיש — דער ניִסטער.

— אין מאָסקווער צענטראַלן פֿאַרלאַג זיינען דערשינען: עקאָנאָמישע געאָגראַפֿיע. כרעסטאָמאַטיע צונויפֿגעשטעלט פֿון א. צראַכמאַן און י. זשיוו. ערשטער טייל: וועלט־ווירטשאַפֿט.

מ. סאָמסקי: וואָס האָט די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע געגעבן די אַרבעטער (רעדע אפֿן מיטינג אינם לענין־קלוב באַם זאַוואָד „רויטער פּוטילאָווער“, דעם 18־טן אָקטיאַבר 1927 יאָר).

א. יערושאַלמי: יונגער אַרבעטער, היט אָפּ דיינע רעכט! „פֿרויען“, ליִטעראַרישע זאַמלונג, צונויפֿגעשטעלט פֿון י. ראַביִנאָוויִטש.

די יִידיִשע סעקציעס באַ דער וואָרקעס (קאָמוניִסטיִשער) פּאַרטיי (אַמעריִקע) האָט ארויסגעגעבן שאַכנע עפּשטיינס אַ ניי בוך: „דער בונד“, וואָס ער איז געוועזן און וואָס פֿון אים איז געוואָרן. דער בוך נעמט ארום די גאַנצע געשיכטע פֿון „בונד“ פֿון זיין גרינדונג ביִז די לעצטע טעג.

— אין ברענטאַנאָס פֿאַרלאַג, ניויאָרק, איז דערשינען אַן ענגליִשע אַנטאָלאָגיע „גרויסע דערציילונגען פֿון אַלע פֿעלקער“. די אַנטאָלאָגיע נעמט אַריין 160 דערציילונגען פֿון אַמאָליקן עגיִפּטן, גריִכנלאַנד, איִנדיע, כיִנע, פּערסיע, די ביִבלישע ליִטעראַטור, אַראַביע, פֿראַנקרייך, שפּאַניען, איִטאַליע, ענגלאַנד, דייטשלאַנד, פֿאַריי־ניִקטע שטאַטן, רוסלאַנד, פּוילן, בעלגיע, סקאַנדיִנאַווישע לענדער און אויך יִידיִשע ליִטעראַטור. אין דער יִדיִשער אָפּטיילונג גייען אריין דערציילונגען פֿון פּערעץ, שאָלעם־אַלייכעם, שאָלעם־אַש, דאָוויִד פּיִנסקי, אָפּאַטאָשו, בערדיטשעווסקי און יעהודע שטיינבערג.

— עס איז דערשינען מ. ל. קאַמענשטיינס בראָשור: „ראַטנמאַכט, יִדישע ערד־איינאָרדענונג און געזערד“. ארויסגאַבע פֿון „געזערד“, מאָסקווע.

— אין פֿאַרלאַג פֿון פּיִנכעס גרויבאַרד, וואַרשע, איִז דערשינען אַ באַנד ליִבע־ליִדער פֿון גאַנאָווים מיִט נאָטן, געזאַמלט פֿון ש. לעימאַן.

— אין לאָס־אַנדושעלאָס (פֿאַראייניִקטע שטאַטן פֿון צאָפֿן־אַמעריִקע) האָט אָנגעהויבן דערשיינען אַ טעגלעכע צייטונג „קאַליִפאָרניער יִדישע צייטונג“. עס איז די ערשטע יִדישע טאָג־צייטונג איִן קאַליִפֿאָרניע.

— אין פֿאַרלאַג „שול און בוך“ (מאָסקווע) איז דערשינען די באַפֿרייטע פֿרוי פֿון ג. ענטין, י. לוואָווסקי, ק. פּ. לובאַרסקי: אוקראַיִניזמען אין דער יִדישער שפּראַך (הויפּטזעכלעך איִן דאָרעמדיִקן דיאַלעקט).

— אין אוקר. אָפּטיילונג פֿון צענטראַלן פֿעלקער־פֿאַרלאַג, כאַרקאָוו, זיינען דערשינען ביִכלעך פֿאַר קינדער. סעריע „קוק און לייען:“ קליינער מאָלער. ז. קאָסטיאַראָוו — מאָל.שפּיִלעכלעך; היימיִשע כאַיעס. טעקסט — ל. קוויטקאָ; שפּיִל און שפּיִלעכלעך. טעקסט — ל. קוויִטקאָ; אַ ציג מיִט 7 ציִגעלעך. טעקסט — ל. קוויִטקאָ; דאָס שטיִבעלע. טעקסט — ל. קוויטקאָ. ס'זיינען אויך דערשיִנען:

מענדעלע מויכער־ספֿאָריִם: שלוימע רעב כאַיִימס.

האָפּשטיין און שאַמעס: ליִטעראַטור־קענטעניִש. טייל 2.

ל. קוויִטקאָ — „מיין שענסטער נאָמען“ (קיִנדער־דערציילונגען).

וו. נעסטערענקאָ — „די אַרבעטערן און די רעליִגיע“.

## טעאַטער און קינאָ.

— דער ערשטער ווייסרוסישער מעלוכיִשער טעאַטער, וועלכער האָט ביִז איצט געשפּילט אין וויִטעבסק, איִז געקומען קיין מאָלעוו, ווו ער וועט פֿאַרברענגען עטלעכע כאָדאָשים.

— די יִדיִשע טעאַטער־סטודיע „פֿרייקונסט“ (מאָסקווע) האָט אופֿגעפֿיִרט א. וועוויאָרקעס פּיעסע „באָטוויִן“.

— ווייסמעלוכעקינאָ האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיִט דער דייטשישער קינאָ־פֿאַבריק „טעראַ־פֿיִלם“ שטעלן געמיינזאַם אַ קיִנאָ־פֿילם. די פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון דעמראָזיִקן פֿיִלם וועלן געמאַכט ווערן טיילווייז איִן רוסלאַנד און טיילווייז אין דייטשלאַנד.

— דער סאָוועטיִשער פֿיִלם „דער סאָף פֿון סאַנקט־פּעטערבורג“, וועלכער איז געוויזן געוואָרן אינם גרעסטן בערלינער קינאָ־טעאַטער, איִז דורכגעגאַנגען מיט גרויס דערפֿאָלג. די בערליִנער פּרעסע רופֿט זיך זייער גוט אָפּ וועגן נייעם פֿיִלם און פֿאַרגלייכט אים מיִט די פֿיִלמען „פּאָטיאָמקיִן“ און „מוטער“.

— אין אוקראַיִנע זיינען פֿאַראַן ביז 4 טויזנט קלוב־קרייזלעך, דעריקער אין די אַרבעטער־קלובן. 76 טויזנט פֿרייוויִליִקע אַקטיאָרן (ליבהאָבער) אַרבעטן איִן די ראָזיקע קרייזלעך.

— אין אוקראַינע זיינען פֿאַראַן 60 טעאַטערן. דערין 9 מעלוכיִשע, וואָס זיי באַזוכן איִן גרעסטן טייל פּראָפֿאַריין־מיִטגליִדער (איִן כאַרקאָוו 80 פּראָצ. פֿון אַלע באַזוכער, אָדעס — 82 און קיעוו — 75).

אין די 10 מוזיִקאַלישע און דראַמאַטיִשע הויכשולן און 24 פּראָפֿשולן באַטרעפֿט די צאָל אַרבעטער פֿון 10 ביִז 15 פּראָצענט.

— אין מאָסקווע האָט זיך אָרגאַניזירט אַ באַוועגלעכע אָפּערע, וועלכע וועט באַדינען די אַרבעטער־קלובן.

— די בעלאָצערקאָווער דראַמסטודיע „רויטע בליִטן“ האָט געשטעלט מענדעלס „קנופּיע,“ אַ ספּעקטאַקל פֿון צוויי קאָמביִנירטע פּיעסעס — די „טאַקסע“ און דער „פּריזיוו“.

— דער יידישער מעלוכע-טעאַטער פֿון ווייסרוסלאַנד פֿאַרענדיקט אין מינסק זיינע גאַסטראָלן דעם 1-טן מאַי. נאָכדעם רעכנט ער מאַכן אַ נעסיע איבער ווייסרוסלאַנד, גיכער פֿאַר אַלץ אין אוקראַינע, ווו ער וועט באַזוכן כאַרקאָוו און אָדעס.

— לויטן פֿאַרשלאַג פֿון פֿאָלקאָמבילד פֿון ווייסרוסלאַנד, אַרבעט איצט אויס דער ווייסמעלוכעקינאָ אַ פּראָיעקט וועגן אויסבויען אַ קינאָ-פֿאַבריק אין מינסק.

— די קאָלעגיע פֿון פֿאָלקאָמבילד האָט באַשלאָסן צו רעאָרגאַניזירן דעם ווייסרוסלענדישן סטודיע-כאָר אין אַ ווייסרוסלענדישער מעלוכישער קאַפּעליע.

— דער יידישער מעלוכע-טעאַטער פֿון אוקראַינע גרייט אַ פּרעמיערע „אין דער גאָלדענער מעדינע“ לויט דזשעק לאָנדאָן.

— דער פֿאָלקאָמבילד פֿון ווסס"ר האָט אויסגעטיילט אַ קאָמיסיע אויף צו באַטראַכטן די פֿראַגע וועגן אָרגאַניזירן אין מינסק אַ ספּעציעלן קינאָ פֿאַר קינדער.

— דער אַרבעטער טעאַטער-פֿאַרבאַנד („אַרטעף“), ניויאָרק, טרעט צו צו דער באַלדיקער דורכפֿירונג פֿון פֿאָלגנדיקע טעטיקייטן: 1) אַ פּורימשפּיל אויף אַ גרויסן פֿאַרנעם (אָנגעשריבן פֿון כ' מוישע נאַדיר); 2) פֿייערונג פֿון שאָלעם-אַלייכעם-יאָרצייט אין כוידעש מאַי; 3) דראַמען-אַנטאָלאָגיע (זאַמלען און אַרויסגעבן אַן אַנטאָלאָגיע פֿון אַזעלכע דראַמאַטישע ווערק, וואָס זאָלן סאַי לויט זייער אינהאַלט און לויט זייער קאָנסטרוקציע זיין פּאַסיק פֿאַר אויפֿירונגען); 4) ענגערער קאָנטאַקט מיט אַלע ליטעראַריש-דראַמאַטישע פֿאַריינען איבערן לאַנד; 5) אַרויסלאָזן אַ מאַניפֿעסט צו אַלע אַרבעטער און אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס איבערן לאַנד.

דער דירעקטאָר פֿון „אַרטעף“ איז כ' מוישע נאַדיר.

— דער יידישער אָפּטייל באַם ווייסרוסלענדישן מעלוכישן מוזיי (מינסק) האָט באַקומען פֿון מאָסקווער „אַרוזשיינער פּאַלאַטע“ אַ קאָלעקציע זילבערנע כפֿייצים פֿון 17-19 יאָרהונדערט צווייַ אַ האַלב פּוד וואָג. וועלכע שטעלן מיט זיך פֿאָר די אַמאָליקע אויסאַרבעטונגען פֿון יידישע באַלמעלאָכעס-זילבער-מאַכער, גאָלדשמידן און גראַווירן.

דער קינסטלער באַרעך אַרנסאָן (אַליין פֿון קיעוו) האָט איצט איינגעאָרדנט אין ניו-יאָרק אַן אויסשטעלונג פֿון זיינע טעאַטער-מאָדעלן, צייכענונגען און טעאַטער-קאָסטיומען אונטערן נאָמען „קונסט און טעאַטער“.

— אין געביידע פֿונעם אינסטיטוט קאַרל-מאַרקס און ענגעלס (מאָסקווע) האָט זיך געעפֿנט אַן אויסשטעלונג, וועלכע איז געווידמעט דעם לעבן און טעטיקייט פֿונעם מאַרקס און ענגעלס. די אויסשטעלונג האָט זיך געעפֿנט אין צוזאַמענהאַנג מיטן 80-יאָריקן יובילייַ פֿון קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט.

— דער קאָנקורס אויף דער בעסטער יוגנטלעכער און קינדערשער פּיעסע, וואָס איז דערקלערט געוואָרן דורך דער צ. ב. און יד.-אינספּעקטור באַם פֿאָלקאָמבילד (אוקראַינע), האָט געפֿונען אַ גוטן אָפּקלאַנג אויף די ערטער. אין רעשוס פֿון זשורי געפֿינען זיך שוין איצט 20-טן פֿעוורא̆ל ביז 35 פּיעסן. לויט דערביטע פֿון די אָרטיקע כ"כ, איז דער טערמין פֿון קאָנקורס פֿאַרלענגערט געוואָרן ביזן 1-טן אַפּרעל.

— לויט דער באַשטימונג פֿון דער קאָנקורס-זשורי אויף אַ ליברעטאָ פֿאַר אַ קינסטלערישן געזעלשאַפֿטלעכן קינאָ-פֿילם איז די ערשטע פּרעמיע קיינע פֿון די צוגעשטעלטע ליברעטאָס ניט צוגעפּאַסקנט געוואָרן. די צווייטע פּרעמיע האָט באַקומען די ליברעטאָ אונטערן דעוויז „ערד און פֿאַבריק“. דער אוטאָר פֿון דער ליברעטאָ איז כ' י. ראָבראָשין.

— די יידישע טעאַטער-סטודיע אין אָדעס אונטער דער אָנפֿירונג פֿון כ. נאָרוויה, האָט געפֿייערט איר יאָריקע עקזיסטענץ. אויף דעם באַנקעט זיינען אַרויסגעטראָטן פֿיל פּאַרטייִשע און געזעלשאַפֿטלעכע טוער, וואָס האָבן אָנגעוויזן אויף דער דערפֿאָלגרייכער אַרבעט, וואָס די ייד. סטודיע האָט דורכגעפֿירט.

— דער פֿאָלקאָמבילד פֿון ווסס"ר האָט באַשטעטיקט אַ נייעם קינסטלערישן ראָט פֿון יידישן מעלוכישן טעאַטער אין ווייסרוסלאַנד אין באַשטאַנד פֿון פֿאָלגנדע כאַווירים: אָשעראָוויטש, אָרשאַנסקי, אָשעראָוו, דונעץ, ראַפֿאַלסקי, מאַטוסאָוו, ליטווינאָוו, נאָרד, גאָלאָווטשינער, מאָין, פּאַניזאָווסקי, גערשאָן, ראָטנער און צו איין פֿאָרשטייער פֿון קולט-אָפּטייל באַם פּראָפֿראַט פֿון די לעדער-אַרבעטער און פֿון די שניידער.

— דער יידישער מעלוכישער טעאַטער פֿון ווייסרוסלאַנד האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אויף ערנסט טאָלערס „האָפּלאַ, מיר לעבן“.

די פּיעסע שטעלט דער יונגער רעזשיסאָר פֿון טעאַטער נאָרד.

די איבערזעצונג מאַכט מ ו י ש ע ט ײ ף.

— די פֿילם-סעקציע פֿונעם האַנדל-דעפּאַרטאַמענט אין וואַשינגטאָן (פֿאַרייניקטע שטאַטן) האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אינטערעסאַנטע סטאַטיסטיק וויפֿל קינאָס עס געפֿינען זיך אין דער וועלט און אין וועלכע ערטער.

לויט די ציפֿערן פֿון דערדאָזיקער סטאַטיסטיק זיינען ענדע דעקאַבער 1927 געווען אויף דער גאַנצער וועלט 51.103 קינאָס. פֿון דערדאָזיקער צאָל פֿאַלט אויס אויף אייראָפּעס כיילעק 21.642, אויף די פֿאַרייניקטע שטאַטן—20.500. דער ווייטער מיזרעך (יאַפּאַניע, כינע און אַז. וו.) האָט 4000. די לאַטייניש אַמעריקע האָט אויך 4000, דאָס איבעריקע פֿאַלט אויף קאַנאַדע, אַפֿריקע, קליין-אַזיע און אַנד.

— פֿון די אייראָפּעישע מעלוכעס פֿאַרנעמט דאָס ערשטע אָרט דייטשלאַנד מיט 4 293 קינאָס. נאָך דייטשלאַנד גייען אין דער ריי ענגלאַנד, פֿראַנקרייך, איטאַליע, שפּאַניע און טשעכאָ-סלאָוואַקיע. באַ טויזנט קינאָס געפֿינען זיך אין בעלגיע, עסטרייך, ראַטנפֿאַרבאַנד, פּוילן, האָלאַנד, שווייץ און בולגאַריע. באַ הונדערט קינאָס האָבן עסטלאַנד, ליטע און דאַנציק.

רעדאַקטער: רעדקאָלעגיע.

גלאַווליטבעל 982 באַשט. 1955 טיראַזש 1050 מינסק 1-טע דרוקעריי פֿון ווייסרוסלענדישן מעלוכע-פֿאַרלאַג.

